קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

# נאָכן גאָט פון מדבר


(דראַמע פון אידישן לעבן אין 16טן יאָרהונדערט)

פאַרלאַג פאַפּירענע בריק
ניו־יאָרק 1949



200

# פּערזאָנען:

דאָנאַ גראַציאַ מענדעס־נשיא.

דאָנאַ בריאַנדאַ — דאָנאַ גראַציאַ׳ס שוועסטער.

רעינאַ — דאָנאַ גראַציאַ׳ס טאָכטער.

גרעטאַ — דאָנאַ בריאַנדאַ׳ס טאָכטער.

דאָן מיקעז, יוסף נשיא — דאָנאַ גראַציאַ׳ס פּלימעניק.

דאָן מאַרקאָ — דער פאַרוואַלטער פון די מענדעס געשעפטן.

ר׳ עובדיה — אַ שליח פון נעאַפּאָל.

אַזאַר — אַ בלינדער וואָס האַלט זיך אויף ביי די מענדעסעס אין פּאַלאַץ, אַ געליטענער פון דער אינקוויזיציע.

שמואל — דאָן מיקעז׳ס ברודער.

באַראָן דע רען — אַ פריינט פון די מענדעסעס.

קעניגין מאַרי — די רעגענטין פון בעלגיע, קאַרל דעם פינפטנ׳ס שוועסטער.

ר׳ אברהם אושקי — דער איבערזעצער פון חומש־פעראַרא, און דאָנאַ גראַציאַ׳ס אַ בעל יועץ.

איזאַבעלאַ — אַ שטוב־מיידל אין פּאַלאַץ פון די מענדעסעס.

פּעדראָ — אַ באַדינער.

מעסיע ביזאַר — אַ נאָבעליקער.

מוטער עליזאַ — אַ מאָנאַכין.

אידן פון געטאָ, געסט, און אַנדערע.

# פראָלאָג

אַ סדר ביי דער משפּחה פון אנוסים, מענדעס־נשיא. אויף דער סצענע איז פינצטער. ביי דער שיין פון איין ליכט זעט מען עטלעכע שאָטנס ביי אַ טיש. פון דער פינצטערקייט הערט מען אַ מענער שטים, וואָס זאָגט די הגדה.

שפוך עליהם זעמך וחרון אפך ישיגם, תרדפם באף ותשמידם מתחת שמי אדוני.

דאָן מאַרקאָ: איך האָב געהערט טריט. עמיצער קומט אַהער. אפשר זאָלן מיר אויסלעשן דאָס ליכט?

דאָנאַ גראַציאַ: גאָט וועט אונז אויסהיטן פון בייז, מען וועט אַהער ניט קומען. (מען זעצט פאָר דאָס זאָגן). אדוני שמך לעולם, אדוני זכרך לדור ודור. כי ידין אדוני עמו ועל עבדיו יתנחם. (מען הערט אַ קלאַפּ אין טיר, אַ צייכן־קלאַפּ).

דאָן מיקעז: עס איז אַן אייגענער. עפנט אים. (מען זעט ביי דער טונקעלער שיין, ווי עס עפנט זיך אַ טיר און אַ געשטאַלט קומט אַריין).

דאָנאַ בריאַנדאַ (מיט שרעק): אַ מאַנאַך!

שמואל (דער אַנגעקומענער מאַנאַך): גוט יום טוב! אליהו הנביא זאָל אונז ברענגען בשורות טובות.

דאָן מיקעז (רעדט שטיל): שמואל! וואָס האָט דיך געבראַכט איצט, אין דער נאַכט?

דאָנאַ גראַציאַ: עפּעס נייעס, חלילה?

שמואל: ניט קיין גוטע נייעס. דער קייסער קאַרל האָט אַרויסגעשיקט אַ געהיימען בריוו, מען זאָל אָנהויבן אַ ציילונג פון די נייקריסטן אין אַנטווערפּן. גזירות רוקן זיך אויף אונז אָן.

דאָן מיקעז: גזירות קען מען אָפּווענדן.

דאָנאַ גראַציאַ: מיט גאָטס הילף.

שמואל: עס קען זיין אַן אָנפאַל אויפן פּאַלאַץ.

דאָנאַ גראַציאַ: זיי וועלן ניט וואַגן קומען אַהער.

דאָן מיקעז: מען טאָר ניט איינשטעלן קיין נפשות.

דאָנאַ בריאנדא: איך האָב דיך געבעטן, גראַציא, מיר זאָלן ניט אָפּ־ריכטן קיין סדר, מיר זאָלן ניט איינשטעלן דאָס לעבן צוליב די אידישע מנהגים. עס איז אַ געפאַר, אַ לעבנס־געפאַר.

דאָנאַ גראַציאַ: די גרעסטע געפאַר איז, בריאנדא, אַז מען דערווייטערט זיך פון אונזער פאָטער אין הימל.

שמואל: מען דאַרף אַוועקטראָגן די ספרים פונדאַנען.

דאָנאַ גראַציאַ: איך זאָג נאָכאַמאָל: זיי וועלן ניט וואַגן קומען צו אונז אין פּאַלאַץ.

דאָנאַ בריאנדא: וואָס ביסטו אַזוי זיכער, גראַציא? זיי האָבן דאָס שוין איינמאָל געטאָן! זיי זיינען אונז באַפאַלן, פאַרשלעפּט מיין מאַן, דיעגאָ, אין די קעלערן... איך האָב מורא... (אַ קליינע פּאַוזע).

שמואל: איך וועל אַוועקטראָגן די ספרים. איך וועל זיי פאַרבאָרגן.

דאָנאַ גראַציאַ: גאָט זאָל דיך אויסהיטן פון סכנות אויף דיין וועג, שמואל. (עס ווערט אַ באַוועגונג צווישן די מענטשן־שאָטנס. שמואל גייט צו צום ליכט און מען זעט, אַז ער איז אָנגעטאָן, ווי אַ מאָנאַך. ער טראָגט אַוועק די ספרים, מען לעשט אויס דאָס ליכט).

דאָן מיקעז (פאַרענדיקט אַ תפילה אין דער פינצטער).

דאָנאַ גראַציאַ (מיט אַ געבראָכענער שטים): מלאכים זאָלן דערזאָגן די נישט דערזאָגטע תפילות און דו זאָלסט אונז, גאָט אייביקער, ברענגען אין דיין לאַנד, מיר זאָלן קענען הויך און אומגעשטערט לויבן דיין נאָמען. (מען זעט ווי די שאָטנס גייען מיט האַלב פינצטערע טרעפּ אַרויף).

# ערשטער אַקט

## ע ר ש ט ע  ס צ ע נ ע

אַ זאַל ביי די מענדעסעס אין פּאַלאַץ אין אַנטווערפּן. מוטער עליזאַ, אַ נאָנע, לערנט גרעטאַן אויסנייען אויף אַ ראַם. מוטער עליזא איז אָנגעטאָן אין ברייטע שוואַרצע נאָנע־קליידער און רעדט זינגענדיק פרום.

מ ו ט ע ר  ע ל י ז א : די וואָס זיינען איבערגעגעבן דעם דערלייזער מיטן גאַנצן האַרצן און האָבן ניט קיין פאַרבאָרגענישן, קיין געהיימניסן — יענע וועלן דערלייזט ווערן. ריין דאַרף זיין דאָס האַרץ ביי די, וואָס זייערע עלטערן האָבן גע־זינדיקט און ניט אָנגענומען די הייליקע ווערטער...

ג ר ע ט אַ (ליגט אַוועק די נאָדל) : איך בין מיד, מוטער עליזא.

מ ו ט ע ר  ע ל י ז א (מיט פרומען פאַרוואורף) : דאָס איז אַ הייליק בילד. טאָכטער מיינע, מיט געבעט דאַרפסטו דאָס טאָן, וועט די מידקייט ניט האָבן קיין האַנט איבער דיר. געהאָרכזאַמקייט און אונטערטעניקייט דאַרף מען זיך לערנען, טאָכטער, ווייל די געהאָרכזאַמע און אונטערטעניקע וועלן קומען אין העכסטן קי־ניגרייך. (זי הויבט זיך אויף און בענטשט גרעטאן).

(עס קומט אַריין בריאנדא).

ב ר י א נ ד אַ : בענטש מיך, מוטער עליזא, ווייטיקן האָב איך אַ סך.

מ ו ט ע ר  ע ל י ז אַ (בענטשט זי) : פאַרטרוי דיין האַרץ, טאָכטער בריאַנדאַ, פאַרן ברודער יעראָנים, און דו וועסט געהיילט ווערן . . . און וועלטלעכע עצות וועט ער דיר געבן... און דו וועסט געבענטשט זיין. (זי בענטשט בריאנדאן און שאַרט זיך אַוועק, ווי אַ סטאַטוע אין די ברייטע קליידער).

(עס קומט אַריין דער בלינדער אַזאַר, קלאַפּט מיטן שטעקן, האַלט דעם קאָפּ אַרויף און רעדט גיכער צום הימל, ווי צו עמיצן).

א ז א ר : זי איז שוין אַוועק, נאָר דעם ריח פון דער קירך האָט זי דאָ איבער־געלאָזט. איך הער זייערע טריט... פונדערווייטן דערקאָן איך זיי. (גרעטא גייט צו צו

אים און העלפט אים דורכגיין דעם צימער) **פיר מיך צו דער זון, גרעטא. די אויגן האָבן זיי ביי מיר צוגענומען, די שוואַרצע קראָען, נאָר די זון קענען זיי ניט דער־גרייכן. די ליכטיקע באַשיצערין זאָל לעבן, זי האָט מיך מציל געווען פון זיי.** (בריאנדא גיט זיך אַ קער אָפּ און זעצט זיך אויף אַ שטול).

**ב ר י א נ ד א : אַ מטורף האַלט מען דאָ אין פּאַלאַץ...** (קוקט נאָך אין דער ריכטונג, וואו עס' איז אַוועק דער בלינדער אזאר) **דער פּאַלאַץ איז גרויס, און איך האָב זיך ניט וואו אַהינצוטאָן. אַלע טאָג שליחים, געסט, שטאַפעטן...**

**ג ר ע ט א : עס איז דאָך שטענדיק אַזוי געווען, מאַמאַ. ווען דער פאַטער האָט געלעבט, האָסטו מיר געזאָגט...**

**ב ר י א נ ד א** (רייסט זי איבער) : **ווען דער פאַטער האָט געלעבט איז מען געקומען צו די מענדעסעס!** און איצט קומט מען צו דאָנאַ גראַציאַ מענדעס! פונקט ווי אונזערע פּאַרמגענס זאָלן געהערן צו איר אַליין און נישט צו אונז אַלעמען.

**ג ר ע ט א : ערגער זיך ניט, מאַמאַ, דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז רואיקייט איז נויטיק פאַר דיר.**

**ד אָ נ אַ ב ר י א נ ד א : עס איז מיר שטענדיק קאַלט, ווען גראַציאַ נעמט אויף** אירע שליחים. (גרעטאַ דעקט איר צו די פיס). גיי אַריין, גרעטאַ, זע, צי דאָן מאַרקאָ איז דאָרטן מיט זיי? אויב זי האָט גערופן דאָן מאַרקאָ — איז עס געלט! געלט דאַרף מען פאַר די אידישע קהילות. **גיי, גרעטא.**

**ג ר ע ט א** (אומוויליק) : **אַ פרעמדער מענטש איז דאָרט... איך שעם זיך, מאַמאַ.**

**ד אָ נ אַ ב ר י א נ ד א : דו האָסט מורא פאַר איר. מען שעמט זיך פאַר דעם, פאַר וועמען מען האָט מורא! זי האָט אייך אַלעמען געמאַכט פאַר אירע קנעכט, אפילו מיין מאַן דיעגאָ.** (עס קומט אַריין דאָנאַ גראַציאַ, בריאנדא ווערט שטיל).

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : ווי פילסטו זיך היינט, בריאַנדאַ? איך בין געווען פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג, ניט געקענט דיך זען.**

**ב ר י א נ ד א : שוין ווידער אַ שליח?**

**ג ר אַ צ י אַ : יע.** (צו גרעטאַן) **מאַדאַם באַשאַר וואַרט אויף דיר, גרעטאַ, דאַרפסט שרייבן.**

**ב ר י א נ ד א : צו וואָס דאַרף זי דאָס שרייבן? זי האָט נאָך דאָס הייליקע בילד ניט פאַרענדיקט פאַרן מאָנאַסטיר. מוטער עליזא איז אומצופרידן.**

**ג ר א צ י א : מוטער עליזא קומט צו אָפט אַהער אין פּאַלאַץ. נאָכשפּירער דאַרף מען דאָ... רעינא און גרעטא דאַרפן זיך לערנען שרייבן. מיר זיינען אַרומגערינגלט**

מיט שונאים, מיר דאַרפן קענען זייער שריפט, וויסן זייער מחשבה... און זיך קענען שיצן. (צו גרעטאַן) גיי, גרעטא. (גרעטא גייט אַוועק).

ב ר י א נ ד א (קנייטשט מיט די אַקסלען): אַז מען האָט אַזויפיל גאווה, ווי דו, האָט מען שונאים . . . פונוואַנען איז דער שליח?

ד אָ נ אַ ג ר א צ י א: פון נעאַפּאָל.

ד אָ נ אַ ב ר י א נ ד א: עס זיינען נאָך אַלץ דאָ אידן אין נעאַפּאָל? דאָרט איז דאָך געווען אַ גירוש. (זי באַמערקט גראַציאס פאַרוואונדערטן בליק) איך שפּאַס, גראַציא...

ג ר א צ י א: גאָט זאָל דיך ניט שטראָפן פאַר אַזאַ שפּאַס... דו זאָלסט וויסן, בריאנדא, אַז מיט אַלע גירושים אין אַלע לענדער — מיינט מען אונז אויך, מיך און דיך, אַט דאָ אין אַנטווערפּן.

ב ר י א נ ד אַ: וואָס וויל דער שליח?

ג ר אַ צ י אַ: ער האָט געבראַכט אַן אַלטן בריוו פון דיין מאַן, דיעגאָ, זאַל רוען.

ב ר י אַ נ ד אַ: דיעגאָ איז דאָך שוין טויט, וואָס טויגן זיינע בריוו?

ג ר א צ י א: נאָך די טויטע בלייבן זייערע מעשים.

ב ר י א נ ד א (דערצערנט): איז וואָס האָט ער דאָרט צו זיי געשריבן, צו די אידן פון נעאַפּאָל?

ג ר א צ י א: אַ געלט צוואה פאַר דער קהילה.

ב ר י א נ ד א: איך וויס, אַז עס קומט אַ שליח, וויל ער געלט. און איצט, אַז דו האַלסט די שליסלען אין האַנט, האָט מען זיך דערמאָנט פון אַלע אַלטע בריוו און פון אַלע אַלטע צוזאָגן.

ג ר אַ צ י אַ: נישט צוליב אונזער זכות, בריאַנדא, האָט אונז גאָט באַשאָנקען מיט אַזויפיל אוצרות, דאָס קען ניט זיין אין זכות פון איין משפחה. אגב, עס איז געווען דער ווילן פון מיין מאַן פראַנציסקאָ און פון דיין מאַן דיעגאָ, זאָלן רוען, אַז מיר זאָלן קומען צוהילף, ווען אַ קהילה איז אין נויט. און די אידישע קהילות שטייען איצט אין פייער.

ב ר י א נ ד אַ (וואַרפט אַראָפּ דעם צודעק פון די פיס): וואָס רופסטו אַן „קומען צו הילף”? פּעסער גאָלד צעשווימען אונטער דיינע הענט, גראַציאַ! זינט דו ביסט געוואָרן משגיח אויף אונזערע פאַרמעגענס ציט מען זיך אַהער פון אַלע עקן וועלט! עס איז אַ סכנה צו ווערן אַזוי מפורסם, ווי דו! אין אַלע לענדער ווייסט מען: דאָנאַ גראַציא מענדעס! דו רייסט אויף די אויגן פון די קייסאָרים! און

איצט אַז מען מאַכט די ציילונג פון די ניי־קריסטן, צו וואָס קומען אַהער אַזויפיל אידן אין פּאַלאַץ? די אינקוויזיציע וועט זיך אַרומקוקן אויף אונז...

דאָנאַ גראַציאַ: אַז מען איז אין שטענדיקער געפאַר, קען מען זיך ניט אויסהיטן פון געפאַרן. אפילו דו זאָלסט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ שעפּס, וועט מען דיך דערקענען, ווען מען וועט דיך וועלן דערקענען. (עס קומט אַריין רעינא פון אַ שפּאַציר, אַנגעטאָן אין אַ פוטערנער ראָטאַנדע. נאָך איר גייט איזאַבעלאַ, וואָס העלפט זיך איר אויסטאָן).

רעינא (שטאַרק צעפלאַמט און גליקלעך): מאַמאַ! עס איז געווען אַזאַ גוטער שפּאַציר! עס איז אַזוי זוניק און שיין אינדרויסן!

דאָנא גראַציא: דו האָסט זיך פאַרשפּעטיקט, רעינא, מאַדאַם באַשאַר וואַרט אויף דיר מיטן שרייבן.

בריאנדא: זי וועט ניט פאַרשפּעטיקן דאָס שרייבן. די קעפּ ווערן שוואַך ביי די קינדער פון דער שרייבעריי. עס איז גאָרניט פאַר מיידלשע קרעפטן דאָס צו טאָן... (קלייבט זיך אַוועקגיין).

איזאַבעלא (שטאַרק אַנציקט): מיר האָבן באַגעגנט דעם פירשט פון אַראַגאָן! ער האָט אונז באַגלייט! (זי נעמט צו די ראָטאַנדע און גייט אַוועק).

(בריאַנדא שטעלט זיך אָפּ ביי דער טיר און קערט זיך אום).

בריאנדא: אָ! ער איז איצט אין אַנטווערפּן דער פירשט? דער פירשט פון אַראַגאָן?

רעינא (קוקט זיך איין אויף דאָנא גראַציא, וואָס איז געבליבן שטיין פאַר־טראַכט און אומצופרידן): יע, טאַנטע בריאַנדא... דער פירשט פון אַראַגאָן איז געקומען אויף יאַגד אין די היגע וועלדער — האָט ער מיר געזאָגט... און מיר האָבן זיך באַגעגנט.

דאָנאַ גראַציא (שטרענג): פאַרוואָס פאָרט ער ניט אויף יאַגד אין זיינע אייגענע וועלדער?

רעינא: איך ווייס ניט, מאַמאַ...

בריאנדא: ער איז געווען צו דיר פריינטלעך דער פירשט? האַ? ער איז געווען צו דיר גוט גענויגט, האַ, רעינא?

רעינא: יע, ער האָט מיר געוואָלט ווייזן אַ פוקס, וואָס ער האָט געשאָסן, נאָר איך האָב ניט געקענט זען... (פאַרמאַכט די אויגן מיט די הענט).

דאָנאַ גראַציא (פאַרענדיקט איר זאַץ): דו האָסט ניט געקענט זען קיין

בלוט. איך ווייס. מיר קענען ניט זען קיין בלוט. וועגן וואָס האָט ער מיט דיר גע־שמועסט, דער פירשט?

ר ע י נ אַ (צופרידן): ער האָט מיך געבעטן איך זאָל מאָרגן אויך אַרויספאָרן אויף אַ שפּאַציר אין דער זעלבער צייט! וועלן מיר זיך באַגעגענען.

ד אָ נ א  ג ר א צ י א: דאָס איז נישט נויטיק, רעינא.

ד אָ נ א  ב ר י א נ ד א: גראַציאַ! ער איז דער פירשט פון אַראַגאָן! ער איז דאָך דער פירשט פון אַראַגאָן! דער פירשט פון אַראַגאָן! עס איז דאָך אַ גליק פאַר רעינאַן! נאָך דער קייזערלעכער משפּחה זיינען די אַראַגאָנס די ערשטע אין לאַנד!

ד אָ נ אָ  ג ר א צ י א: וואָס האָט עס צו טאָן מיט אונז? וואָס גייט אונז אָן דער יחוס פון די פירשטן פון אַראַגאָן? און דער יחוס זייערער — מישטיינס געזאָגט — זייערע בלוט פאַרגיסונגען . . . גיי, רעינאַ, שרייבן צו דער מאַדאַם באַשאַר און בעט זי, אַז מאָרגן זאָל זי מיט דיר פאָרן שפּאַצירן נאָך מיטאָג.

ר ע י נ א (מיט אַ ציטעריקער שטים): יע, מאַמאַ. (גייט אַוועק).

ד אָ נ אָ  ג ר א צ י א: בריאַנדאַ, פאַרוואָס וועקסטו ביי רעינאַן אַזעלכע געדאַנקען? רעינא איז יונג, מען קען זי גרינג באַרוישן מיט אַ פירשטלעכער קרוין, מיט מאַכט־גלוסטונג. צו וואָס טוסטו דאָס, בריאַנדאַ? די פירשטן פון אַראַגאָן זיינען קריסטן!

ב ר י א נ ד א: איז וואָס? דער פירשט פון אַראַגאָן איז יונג. רעינא געפעלט אים! נישט אָפט מאַכט זיך אַזאַ געלעגנהייט! איבער אונז הענגט נאָך דער פלעק פון דיעגאָס פּראָצעס אין דער אינקוויזיציע . . . די קרוין פון די אַראַגאָנס וואָלט אונז געשיצט און וואָלט אונז כבוד געבראַכט.

ד אָ נ א  ג ר א צ י א: שיצן וועט אונז גאָט! און דעם כבוד פון די אַראַ־גאָנס בין איך דיר מוחל! דער יחוס פון די פערד־שטאַלן מיט די יאַגד־הינט! די נשיא׳ס האָבן זיך דורות לאַנג אויסגעהיט פון אויסמישונג מיט קריסטן, און כל זמן איך לעב וועט די גאַנצקייט פון אונזער משפּחה ניט צעשטערט ווערן!

ב ר י א נ ד א (זאָגט איבער די רייד): „כל זמן איך לעב!" און פונוואַנען ווייסטו, אַז דו ביסט גערעכט?

ג ר א צ י א: עס איז ניט כדאי צו שמועסן וועגן דעם, בריאַנדאַ. דו פאַרגעסט, זעט אויס, אַז דיעגאָ איז געווען דיין מאַן, און אַז דו ביסט אַ נשיא!

ב ר י א נ ד א: דיעגאָ! ער האָט אויף אונז אומגליקן געבראַכט! און איצט דו מיט דיין אידישן שגעון! די נשיא׳ס! די נשיא׳ס די גאווה דיינע! די נשיא׳ס . . . (עס קומט אַריין איזאַבעלא מיט אַ זילבערנעם אויל־ברענער אין האַנט).

**א י ז א ַ ב ע ל א ַ : אַ שטאַפּעט האָט עס געבראַכט פון באַראָן דע רען. "פאַר דער גנעדיקער דאָנאַ גראַציאַ" — האָט ער געזאָגט.**

**ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א** (באַטראַכט דעם אויל־ברענער, גיט אַ שמייכל): **זאָג דעם שטאַפּעט, ער זאָל איבערגעבן דעם באַראָן אַ דאַנק.** (איזאַבעלאַ שטעלט אַוועק דעם אויל־ברענער אויף אַ זייטיקן טישל און גייט אַוועק).

**ב ר י א נ ד א** (קוקט אָן גראַציאַן מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל): **גאָר רעינא טאָר זיך ניט באַגעגענען מיטן פירשט פון אַראַגאָן! עס איז גוט צו זיין אַ נשיא, אַז אַנדערע זאָלן שלעפּן די שטיינער פון אידישן יחוס!** (גייט אַוועק).

(דאָנאַ גראַציאַ גייט זיך דורך איבערן צימער עטלעכע שפּאַן. עס קומט אַריין רעינא).

**ר ע י נ א : מאַמאַ, איך בעט דיך, עס איז אַזוי פריילעך צו טרעפן זיך מיט די יעגער...**

**ד אָ נ א  ג ר א צ י א : דו דאַרפסט ניט זיין צופיל באַפריינדעט מיטן פירשט פון אַראַגאָן.**

**ר ע י נ א : פאַרוואָס, מאַמאַ? עס איז אַזוי גוט מיט אים צו פאַרברענגען.**

**ד אָ נ א  ג ר א צ י א : דו קענסט קיין בלוט ניט זען, רעינא, און די פירשטן פון אַראַגאָן קענען פאַרגיסן בלוט. עס איז ניט דיין געזעלשאַפט.**

**ר ע י נ א : מאַמאַ, בלויז מאָרגן דערלויב מיר פאָרן אויפן שפּאַציר אינ־דערפרי. איך האָב צוגעזאָגט דעם פירשט. איך וויל האַלטן וואָרט.**

**ד אָ נ א  ג ר א צ י א : ניט שטענדיק דאַרף מען האַלטן וואָרט, מיין קינד.**

(רעינא גייט אַוועק אַ דערשלאָגענע צו דער טיר. דאָנאַ גראַציאַ בלייבט שטיין אַ פאַרטראַכטע. עס קומט אָן דאָן מיקעז. ער באַגעגנט רעינאַן ביי דער טיר).

**ד אָ ן  מ י ק ע ז : רעינא?** (ער נעמט זי אָן צערטלעך פאַר ביידע באַקן, ווי אַ קינד און קוקט איר אין פּנים). **טרערן? ווי קען מען וויינען אין אַזאַ זוניקן טאָג!** (ער נעמט זי אַרום און גייט מיט איר אַ פּאָר טריט איבערן צימער).

**ר ע י נ א : איך דאַרף גיין צו מאַדאַם באַשאַר, דאָן מיקעז.**

**ד אָ ן  מ י ק ע ז : אַ, דערפאַר וויינסטו? ווען איך וואָלט באַדאַרפט פאַר־ברענגען עטלעכע שעה מיט מאַדאַם באַשאַר, וואָלט איך אויך געוויינט.**

**ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א : דאָן מיקעז!**

**ד אָ ן  מ י ק ע ז** (ניט אָפּלאָזנדיק רעינאַן): **ווי לערנט זי דיך?** (מאַכט נאָך

מאַדאַם באָשאַר) בעאַטי פּאָופּערעס ספּיריטי (גליקלעך זיינען די וואָס זיינען אָרעם אין פּאַרשטאַנד) כאַ, כאַ... (ער לאָזט אָפּ רעגינאָן. זי גייט אַוועק).

ד אָ ן  מ י ק ע ז: וואָס איז געשען מיט רעגינאָן?

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: קינדערשע טרערן. איך דערלויב איר ניט מאָרגן שפּאַצירן אינדערפרי.

ד אָ ן  מ י ק ע ז (קוקט זי אָן אַ ווײַלע, פאַרשטייט): דער אייזל פון אַראַגאָן וויל אָפּגילטן זיין קרוין מיט אונזער גאָלד!

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א: אפשר אַזוי... דער שליח פון נעאַפּאָל וויל זיך זען מיט אייך, דאָן מיקעז.

ד אָ ן  מ י ק ע ז: איך וועל דאָ היינט ניט קענען זיין. איך וויל זיך פאָרן זען מיטן פּרינץ מאַקסימיליאַן. מען דאַרף זיך דערוויסן, וואָס דער קייסער קאַרל קלייבט זיך צו טאָן מיט די ניי־קריסטן. מיר דאַכט זיך, דאָנאַ גראַציאַ, אַז אויף אונז רוקט זיך אָן אַ וואַנט, און ווען זי וועט צוקומען צו נאָענט, וועלן מיר ניט קענען אַנטלויפן פון איר! (שווייגט אַ ווײַלע. גייט אַריבער צו אַ לוסטיקן טאָן) אגב האָט מיר דער פּרינץ מאַקסימיליאַן צוגעזאָגט געבן וויין, וואָס איז אַלט הונדערט יאָר! דעם וויין האָט מען נאָך געשטעלט איידער דער קייסער קאַרל איז געבאָרן געוואָרן — עס דאַרף זיין גוטער וויין!

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א: דער קייסער קאַרל איז גאָטס שטראָף אויף אונז. ניי־קריסטן — אידן — מאַכן אים ענג אין דער אימפּעריע! מיר האָבן אים רייך געמאַכט דאָס לאַנד, אויפגעהויבן דעם ים־האַנדל, אויסגעבויט שטעט — און ער גראָבט גריבער אונטער אונזערע פיס! און סוף כל סוף איז די דאַנקבאַרקייט — די קעלערן פון דער אינקוויזיציע! די ניי־קריסטן זיינען שטענדיק אויסגעשטעלט אויף דעם אין קאַרלס אימפּעריע.

ד אָ ן  מ י ק ע ז (האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס): מיט הונדערטער יאָרן צוריק — נאָך איידער מיר זיינען געבאָרן געוואָרן — זיינען אונזערע נשמות געלעגן ביי אַ מלאך אונטערן פליגל און האָבן געזונגען שירה אַזוי פרום, אַז מען האָט פאַר אונז אויסגעטראַכט דעם שווערסטן נסיון! נ י י ־ ק ר י ס ט ן! מיט געהיימע נשמות און פאַרבאָרגענע מצוות יעדן טאָג! די וואונדערלעכע מצוות, וואָס מען באַצאָלט פאַר זיי מיטן לעבן! עס איז כמעט אַן אייביקער יום טוב פון קידוש השם! אַט גייט אויף פאַר דיר די זון! און אַט רוקט זיך אויף דיר אַ פינצטערע וואַנט...

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א: דאָן מיקעז! מיר דאַכט זיך, אַז איר האָט שוין היינט פאַרזוכט פון דעם הונדערט־יאָריקן וויין. איר זיינט היינט אַזוי לייכטזיניק.

ד אָ ן  מ י ק ע ז :  דאָס איז דערפאַר, דאָנאַ גראַציאַ, וואָס איך שמועס אָפּט מיטן בישאָף. איך האָב זיך פון אים אויסגעלערנט צו באַגרייפן גאָט — מיט אַ טראָפּעלע עולם הזה.

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א :  גאָט איז מיט אייך, דאָן מיקעז, וואָס רעדט איר?

ד אָ ן  מ י ק ע ז :  פּאַרוואָר, דאָנאַ גראַציאַ! דאָס איז ריכטיק. אַזאַ באַגרייפן פון גאָט איז מציל פון אַן עבירה: די עבירה פון צווייפל! צווייפל קומט פון צו גרויסער אמונה. מידקייט פון גלויבן — איז צווייפל. די וואָס טוען זיך אינגאַנצן אויס פון עולם הזה — און די זון גיט איינמאָל אַ שיין איבער זיי אַזוי ליכטיק ווי היינט — קענען זיי זיך ניט גובר זיין, און פאַלן אַריין אין אפּיקורסות.

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א :  איר שפּאַסט, דאָן מיקעז!

ד אָ ן  מ י ק ע ז :  צווישן ערנסט און שפּאַס איז אַ דינע מחיצה. שפּאַסנדיק האָט מיר דער פּרינץ מאַקסימיליאַן געזאָגט, אַז דער קייסער קאַרל פאַלט אַריין אין פרומקייט, ווען ער פאַלט אַריין אין חובות. און דאָס האָט מיט אים פּאַסירט איצט, און ער שטרעקט אויס זיין האַנט צו די נייַ־קריסטן, כדי זיי צו באַרויבן.

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א :  מיר האָבן איין מיטל קעגן אים: שטיצן די קעניגין מאַרי! געבן איר הלוואות, זי זאָל זיין אומאָפּהענגיק פון איר ברודער. עס איז נישטאָ קיין שוואַכערע זאַך, ווי אַ מענטשלעך האַרץ, וואָס איז קראַנק פון גאווה. מיט איין טראָפּן האָניק קען מען עס שיכור מאַכן. דער קעניגין מאַרי חלומט זיך ביינאַכט, אַז זי טראָגט דעם קייסערס קרוין. מען דאַרף זי דערמוטיקן, אַז אַזעלכע חלומות זאָלן זיך איר אָפּטער חלומען, און זי וועט זיך קעגנשטעלן דעם קייסערס באַפעלן קעגן די נייַ־קריסטן.

ד אָ ן  מ י ק ע ז :  אָבער זי איז בלויז רעגענטין. די באַפעלן גיט אַרויס קאַרל.

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א :  די וואָס פירן דורך די באַפעלן זיינען אָפּט שטאַרקער פון יענע, וואָס גיבן זיי אַרויס.

ד אָ ן  מ י ק ע ז :  דאָס איז אַ הילצערנער פלויט קעגן אַ פאַרפליצונג. צו לאַנג קען מען אונטער אַזאַ שוץ ניט זיין.

(עס קומען אַריין דאָן מאַרקאָ און דער שליח פון נעאַפּאָל).

ד אָ ן  מ י ק ע ז  (גייט דעם שליח אַנקעגן און באַגריסט זיך מיט אים): ווי גייט עס די אידן פון נעאַפּאָל נאָכן גירוש, ר׳ עובדיה?

ר׳  ע ו ב ד י ה :  אַ... זיי דינען דעם רבונו של עולם... און גאָט זאָל זיך מרחם זיין אויף זיי.

(דאָן מיקעז און דער שליח גייען אַוועק אין דער טיף און שמועסן שטיל).

ד אָ ן מ אַ ר ק אָ (דערלאַנגט דאָנאַ גראַציאַ אַן אויפגעוויקלטן פּאַרמאַטענעם גויל): דאָ האָב איך אויסגערעכנט אַלע פּרטים פאַר דער יערלעכער שטיצע פאַר די אידן פון נעאַפּאָל.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ (קוקט דורך דעם כתב): פאַרשרייבט, דאָן מאַרקאָ, אַז דער כתב ווערט אַרויסגעגעבן דריי יאָר נאָכן גירוש. אַז עס קומט שטיצע די פאַר־טריבענע פון שטאָט. די פאַרקויפטע פאַר קנעכט — אויסלייזונג. דאָס אַלץ דאַרף זיין פאַרשריבן בפירוש אין כתב. (דאָן מארקא עפנט אַ טיר אין דער אַנטקעגנדיקער וואַנט. דאָרט שטייט אַ טיש. ער נעמט אַ גענזענע פעדער און שניצט זי. מען זעט אַז דאָס שרייבן איז נישט אַזאַ פשוטער ענין פאַר אים. ער שרייבט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט).

(עס קומען צו ר' עובדיה און דאָן מיקעז.)

ר' ע ו ב ד י ה: נאָכן גירוש פון נעאַפּאָל איז אַן אימה באַפאַלן די אידישע קהילות פון איטאַליע. מען איז נישט זיכער מיטן מאָרגן. אַ סך אידן האָט מען מיט גוואַלד געשלעפּט פון די שיפן, ווען זיי האָבן געוואָלט אַנטלויפן, און מען האָט אויף זיי געגאָסן טויף וואַסער. אידן האָבן זיך געוואָרפן אין די טיפענישן פון ים כדי אויסמיידן שמד.

ד אָ נ אַ ג ר א צ י א: גאָט זאָל זיך נוקם זיין פאַר די רציחות.

ר' ע ו ב ד י ה: אַ סך אידן האָט מען פאַרקויפט פאַר קנעכט. געשלעפּט זיי צוגעשמידטע איינעם צום אַנדערן. אַ לאַנגע קייט. אַ לאַנגע קייט פון יסורים.

ד אָ ן מ י ק ע ז: איך האָב זיי געזען די קנעכט אויפן אינזל מאַלטע. אידן פאַרטריבענע פון ליסבאָן און פון גאַווארע, און פון מילאַן און פון טוניז און פון נעאַפּאָל... און מיר דאַרפן איצט זיין גרייט צו גזירות. אידן־האַס איז אַנשטעקנדיק, ווי אַ פעסט, און מיר ווייסן נאָך קיין רפואה דערצו, ר' עובדיה.

ר' ע ו ב ד י ה: מיר זיינען אַ פאָלק פון געדולד און אמונה, דאָן מיקעז. מיר זיינען אַלטע דאָקטוירים. אברהם אבינו האָט געהיילט די וועלט פון געצנדינסט. משה רבינו פון אומרעכט און פון רציחה — ער האָט אָנגעזאָגט — לא תרצח. מיר וועלן נאָך אויסהיילן די חולאת פון שנאה, און די חולאת פון רשעות... און פון בלוטפאַרגיסונג.

ד אָ נ אַ ג ר א צ י א: זיי האָבן די חולאתן און מיר — די וויטיקן. נאָר מען טאָר ניט טראַכטן וועגן גאָטס דרכים, מסתם זיינען זיי גערעכטע.

ד אָ ן מ י ק ע ז: איר מאַכט אַ טעות, ר' עובדיה. מיר וועלן קיינמאָל די פעלקער פון זייער שנאה צו אידן ניט אויסהיילן.

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א : גאָט וועט אונדז אויסלייזן, מיר זאָלן ניט דאַרפן אָנקומען צום חסד פון פעלקער.

ר׳ ע ו ב ד י ה : אוודאי! עס וועט דאָך אַמאָל קומען משיח! וואָס הייסט? מען האָט דאָך אונז צוגעזאָגט — והיה באחרית הימים. וואָס הייסט?

ד אָ ן  מ י ק ע ז : אידן לעבן צופיל מיט פסוקים, מיט ממרא׳ס, מיט איינ־שמועסינישן. אונזער שלמות האָט מען פיינט. די פולע מאָס פון אונזער אמונה. די אומות העולם וועלן קיינמאָל ניט באַגרייפן, וואָס הייסט „בכל לבבך ובכל נפשך״. און מיר, ר׳ עובדיה, קענען נישט אַנדערש. דאָס איז ווי די לעגענדע וועגן דער וויסער קראָ, וואָס די שוואַרצע פאַרצוקן זי, ווייל זיי ווערן בלינד פון איר ווייסקייט. און נאָך עפּעס וועל איך אייך זאָגן — אויב עס וועט ווען עס איז אויפשטיין נאָך אַ פאָלק, וואָס וועט אָננעמען אַן אמונה בכל לבבך — וועט מען זיי, פאַרהאַסן ווי אידן און מען וועט זיי פייניקן ווי אידן.

ר׳ ע ו ב ד י ה (גיט זיך אַ כאַפּ) : וואָס רעדט איר? גאָט וועט דאָך ביי אונז ניט צונעמען די בחירה, חלילה!

ד אָ ן  מ י ק ע ז : איך זאָג דאָס בדרך משל, ר׳ עובדיה. און מיר דאַרפן נישט היילן די אומהיילבאַרע פון זייער רשעות. און מיר דאַרפן ניט פאַרדעקן מיט מצוות די אַלע פאַרברעכנס, וואָס פעלקער באַגייען. מיר דאַרפן זיך אויסהיטן פון זיי. מיר דאַרפן זיך אַנקעגנשטעלן די סכנות, ווען נאָר מיר קענען!

(עס קומט צו דאָן מארקא).

ד אָ ן  מ א ר ק א : דאָס איז אַלץ פאַרשריבן, דאָנאַ גראַציא. מען דאַרף עס חתמענען. (זי נעמט דעם גויל).

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א : דאָן מארקא, זאָלן די קינדער אַריינקומען און זאָלן זיי וויסן צו וואָס דער כתב איז זיי מחייב. (דאָן מארקא גייט אַוועק).

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א : ר׳ עובדיה, גיט איבער די אידן פון דער נעאַפּאָליער קהילה, אַז מיר האַלטן דעם כתב פאַר אַ שטר חוב צו גאָט, און מיר וועלן זיי צאָלן אַלע יאָר פּינקטלעך, אַזוי ווי דיעגאָ, זאָל רוען, האָט עס געטאָן.

(עס קומען אַריין רעינא און גרעטא און שטעלן זיך געהאָרכזאַם ביי אַ זייט).

ד אָ נ אַ  ג ר א צ י א (צו די קינדער) : רעינא און גרעטא, דאָס איז אַ כתב צו דער קהילה פון נעאַפּאָל און הייליק איז פאַר אייך אַלץ, וואָס דאָ איז פאַרשריבן. (רעינאַ און גרעטאַ הערן זיך איין געהאָרכזאַם).

ר׳ ע ו ב ד י ה : גנעדיקע דאָנאַ גראציא, גאָט האָט אייך באַשאָנקען מיט

אַ גוטן ווילן, און מעשים טובים זיינען אייער קרוין, נאָר אַ מענטש לעבט ניט אייביק, אָבער גאָטס פאָלק איז אייביק. אויב אייער ווילן איז דערצו, זאָלן דעם כתב אונטערשרייבן אויך די יורשים אייערע... אויב אייער ווילן איז דערצו.

ד אָ ן מ י ק ע ז : אונזערע יורשים וועלן ניט ענדערן דעם ווילן פון די עלטערע. אַזוינס איז נאָך ניט געשען אין דער משפחה נשיא.

ר' ע ו ב ד י ה : די משפחה נשיא האָט אַ שם בישראל. אָבער אפילו דוד המלך האָט געהאַט אַ זון אבשלום, וואָס האָט אויפגעהויבן די שווערד קעגן זיין פאָטער דעם קעניג. קיינער קען ניט וויסן, וואָס עס קען זיין.

ב ר י א נ ד א (גייט אַריין מיט שטורעם) : גראַציאַ, וואָס טוט דאָ גרעטאַ? מיין טאָכטער! (אַלע קוקן זיך אַרום אויף איר).

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : איר זייט גערעכט, ר' עובדיה, זאָלן די קינדער חתמענען דעם כתב. קיינער קען ניט וויסן, וואָס עס קען זיין.

ב ר י א נ ד א (צו גראַציאַן) : איבער מיינע פאַרמעגנס ביסטו ממונה. מיין מאַן האָט דיר איבערגעגעבן די מאַכט איבער זיי. אָבער נישט איבער מיין קינד. נישט איבער מיין ווילן, און נישט איבער איר ווילן.

ד אָ נ אַ ג ר א צ י א (מיט געבעט) : בריאַנדא, לאָז גרעטאַן גיין אין איר טאַטנס וועגן.

ב ר י א נ ד א : זאָג מיר נישט קיין מוסר, גראַציא! גרעטא דאַרף טאָן מיין ווילן.

ד אָ ן מ י ק ע ז : דאָנאַ בריאַנדא! (דאָן מיקעז און דאָנאַ בריאַנדא קוקן זיך אָן אַ ווײַלע. בריאַנדא דערשרעקט זיך, כאָטש דאָן מיקעז שווייגט) לויט דער צוואה פון אייער מאַן דיעגאָ איז דאָנאַ גראַציא ממונה איבער גרעטאַס דערציאונג און איבער אַלע אירע מעשים, ביז זי וועט אויסוואַקסן.

ב ר י אַ נ ד אַ : וואָס? עס... קען ניט זיין...

ד אָ נ אַ ג ר א צ י א (מיט געבעט) : בריאַנדא, איך, וועל, חלילה, גרעטאַן קיין בייז נישט טאָן.

ב ר י אַ נ ד אַ : ער האָט עס פאַרבאָרגן פון מיר... פאַרשעמט מיך... אַוועקגענומען פון מיר דאָס לעבעדיקע... דאָס איינציקע... (זי גיט זיך אַ וואַקל).

ג ר ע ט א : מאַמאַ! (גרעטא און רעינא האַלטן אונטער דאָנא בריאַנדא און פירן זי אַרויס).

(דאָן מיקעז צינדט אָן טרויוואַקס. דאָנאַ גראַציא חתמעט דעם כתב און שטעמפּלט אים מיט איר רינג. דערנאָך חתמעט דאָן מיקעז. אין טיר באַווייזט זיך גרעטא. דאָן מיקעז גיט איר די פּענע, זי חתמעט דעם כתב).

# ערשטער אַקט

## צווייטע סצענע

די צווייטע סצענע קומט פאָר אין אַ יאָר אַרום אין פּאַלאַץ פון גראַף וועסטפאַל אין אַנטווערפּן. עס איז אַ באַל. מיר זעען אַ דורכגאַנג־זאַל, וואו די געסט קומען זיך אָפּרוען, טרינקען און שמועסן. מען הערט שפּילן מוזיק. געסט דרייעז זיך דורך.

**גראַף וועסטפאַל:** דער קעניגין מאַרי קומט אַ דאַנק, וואָס זי שיצט די ניי־קריסטן, ווען ניט וואָלטן זיי זיך צעלאָפן פונדאַנען און מיר וואָלטן ניט געהאַט ביי וועמען אַ הלוואה צו מאַכן. די אָפּצאָלונגען צום קייזערלעכן הויף זיינען גרויס, און מיין גרעפין וויל אַלע יאָר פאָרן קיין איטאַליע זען די בילדער פון דעם געט־לעכן לעאָנאַרדאָ. מיט וואָס איז ער געטלעך? אָן אפּיקורס, ווי אַלע איטאַליענער!

**הער ווינטערטאל:** איר זיינט גערעכט, גראַף, די איטאַליענער האָבן אַ באַזונדערן טאַלאַנט פאַרקויפן אַלץ, וואָס האָט קיין וואָג ניט: ניגונים, טענץ, געמעלן, אָראַטאָריע! און מיר דאַרפן פאַרזעצן אונזערע פּאַלאַצן צוליב זיי!

**גראַף וועסטפאַל:** איצט בויט דער בישאָף אַ נייעם מאָנאַסטיר — דאַרף מען אויך געבן געלט! (ער צענעמט די הענט מיט יאוש).

**הער ווינטערטאל:** אָ, די זאָרג וואַרפט אַוועק, גראַף! דאָנא גראַציאַ מענדעס האָט אויף זיך גענומען אויסצובויען דעם מאָנאַסטיר. איר קריסט־לעכער גלויבן איז אַלט אינגאַנצן צוויי דורות, און יעדע ליבע איז פון אָנהויב הייס. (ביידע לאַכן, גייען אַוועק).

(עס קומען אָן באַראָן דע רען און מאַרקיזאַ דע שאַמאַן).

**מאַרקיזאַ:** איר זיינט היינט פאַרטראַכט, באַראָן.

**באַראָן דע רען:** אָ, איך בין פאַרטראַכט שטענדיק, פון דעם טאָג זינט איך בין געבאָרן געוואָרן.

**מאַרקיזאַ:** איר קוקט נאָכאַנאַנד צו דער טיר, אויף וועמען וואַרט איר, באַראָן?

**באַראָן:** דער וואָס דערציילט זיינע סודות בלייבט נאַקעט, ליבע מאַרקיזאַ, און דאָס וואָלט געווען נישט אָנשטענדיק אין אייער נאָבעלער געזעלשאַפט.

מ אַ ר ק י ז אַ  ד ע  ש אַ מ אַ ן : **וואָס איך פעלט אייך, באַראָן!**

(אַ דינער עפנט אָן אַריינגאַנג־טיר. עס קומען דאָנאַ גראַציאַ, דאָנאַ בריאַנדאַ, דאָן מיקעז און רעינא. גראַף וועסטפאַל באַגעגנט זיי פריינטלעך).

ג ר אַ ף  ו ו ע ס ט פ אַ ל : **מיינע ליבע געסט! זייער צופרידן מיט אייער קומען!** (זיי גייען אַלע פאַרביי אין צווייטן זאַל. באַראָן דע רען שטעלט זיך אויף און באַגריסט דאָנאַ גראציא וואָס גייט פאַרביי).

מ אַ ר ק י ז אַ  ד ע  ש אַ מ אַ ן : **זי איז זייער שיין, דאָנאַ גראציא.**

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן (קורץ, צעשטרייט): **יע, זי איז שיין.**

מ אַ ר ק י ז אַ : **מען זאָגט זי האָט פאַרכישופט דעם פראַנצויזישן אמבאַסאַדאָר, און איצט פאָלגט ער זי מער, ווי דעם קעניג, כאַ, כאַ, כאַ.**

ב אַ ר אָ ן : **דאָס איז אַ פיינער אַנעקדאָט.**

מ אַ ר ק י ז אַ : **דאָס איז מער ווי אַן אַנעקדאָט, באַראָן. זי פירט איצט גרויסע געשעפטן אין פראַנקרייך, און אין פאַריז האָט מען אויסגעשלאָגן איר פאָרטרעט אויף בראָנז.**

ב אַ ר אָ ן : **מעגלעך. זי פאַרדינט עס.**

מ אַ ר ק י ז אַ (מיט קנאה): **כאַ. כאַ. כאַ. איר, באַראָן, זיינט אויך פאַרכישופט פון איר?**

ב אַ ר אָ ן : **ווען איך וואָלט געגלויבט אין כישוף, וואָלט עס מעגלעך געווען. אַנטשולדיקט, מאַרקיזאַ, איך דאַרף גיין באַגריסן מאַדאַם מענדעס, מיר זיינען אַלטע פריינט.**

מ אַ ר ק י ז אַ (פאַרביסן): **פריינטשאַפט און געלט —ביידע זאַכן זיינען מעכטיק** (פאַכעט זיך אָפּ מיט אַ ווייער. עס קומט צו איר צו הער ווינטערטאַל).

ה ע ר  ו ו י נ ט ע ר ט אַ ל : **איר טאַנצט אַ פאַרטיטאַ, מאַרקיזאַ?**

מ אַ ר ק י ז אַ : **ניין, מיין פריינט! איך האָב נישט ליב דעם טאַנץ. מען זאָגט, אַז די מוזיק האָט פאַרפאַסט אַן איטאַליעַנישער איד, און די נאָבעליקע שעמען זיך נישט און שפּילן אויף אַלע זייערע בעלער די אידישע מוזיק.**

ה ע ר  ו ו י נ ט ע ר ט אַ ל : **די מוזיק איז שיין, מאַרקיזאַ!**

מ אַ ר ק י ז אַ : **נישט פאַר מיין געהער.** (זיי גייען אַוועק).

(פון אַ צווייטער טיר קומען אַרויס דאָנאַ גראציא און רעינא).

ר ע י נ אַ : עס איז מיר אומעטיק, מאַמאַ. אַזויפיל פרעמדע מענטשן, קיינער פון זיי געפעלט מיר ניט.

ד אָ נ א ג ר א צ י א : מיר זיינען נישט געקומען אַהער פאַרברענגען, נאָר ווייל די קעניגין האָט פאַרלאַנגט זיך זען מיט אונז.

ר ע י נ א : מאַמאַ, זי איז אַ שיינע, די קעניגין מאַרי ?

ד אָ נ אַ ג ר א צ י א (פאַרטראַכט) : זי האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַרן ים־האַנדל.

ר ע י נ אַ : אַך, מאַמאַ, פאַרוואָס ענטפערסטו ניט ? זי איז אַ שיינע, די קעניגין מאַרי ?

ד אָ נ אַ ג ר א צ י א : זי איז אַ מעכטיקע. אין אירע הענט ליגט דאָס גאַנצע לאַנד.

ר ע י נ א : איך בין זייער נייגעריק, פאַרוואָס האָט זי פאַרלאַנגט דיך זען, מאַמאַ ?

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : איך ווייס ניט, רעינא, צי מען דאַרף זיך פרייען דער־פון... רעינא, אויב מען וועט דיך פאָרשטעלן פאַר דער קעניגין, זאָלסטו זיך פאַר־בויגן, און ווען דו וועסט אַוועקגיין פון איר, זאָלסטו זיך ניט אומקערן מיט דער פּלייצע, נאָר מאַכן עטלעכע טריט אויף צוריק און דערנאָך אַוועקגיין. זאָלסט ניט שמייכלען.

ר ע י נ א : ניט שמייכלען ?

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י א : ווירדיק זיין און ניט מער.

ר ע י נ א : יע מאַמאַ.

(עס קומט צו זיי צו דאנא בריאַנדאַ)

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ : אַ סך נאָבעליקע זיינען היינט דאָ אויפן באַל. דער פירשט פון אראגאן איז דאָ ! איך האָב אים נאָר וואָס געזען.

(דאָנאַ גראַציאַ און רעינא גיבן זיך האַסטיק אַ דריי אויס צו בריאַנדאַן. רעינא בליט אויף פון פרייד. זי הויבט אָן פאַריכטן די דיאַדעם אויפן קאָפּ שמייכלט צו זיך אַליין. דאָנאַ גראַציאַ בלייבט שטיין פאַרטראַכט. זי איז קענטיק באַזאָרגט).

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י א : ווי קומט ער אַהער ? איך בין געווען זיכער, אַז ער וועט דאָ ניט זיין. די אַראַגאָנס און די וועסטפאַלס זיינען שוין לאַנגע יאָרן צעקריגט צווישן זיך.

דאָנאַ בריאַנדאַ (מיט שאָדנפרייד): מסתם האָבן זיי זיך איבערגעבעטן. נישט אַלע מענטשן טראָגן אייביק איין געפיל.

(עס קומט צו דער פירשט פון אַראַגאָן. ער פאַרנויגט זיך פאַר דאָנאַ גראַציאַ, דאָנאַ בריאַנדאַ, און רעינאַ).

פירשט פון אַראַגאָן: איר זייגט נאָך שענער געוואָרן, דאָנאַ רעינאַ.

רעינאַ (שטייט גליקלעך פאַרשעמט, גיט אַ מורמל): אַ דאַנק, פירשט.

דאָנאַ בריאַנדאַ: איך בין זייער צופרידן צו זען אייך היינט אויפן באַל, פירשט. שוין לאַנג אייך ניט געזען.

פירשט פון אַראַגאָן (פילדייטיק): עס איז נישט מיין שולד, גנעדיקע דאָנאַ בריאַנדאַ.

דאָנאַ גראַציאַ: קיינער זוכט דאָ ניט קיין שולדיקע, פירשט.

פירשט פון אַראַגאָן (צו רעינאַ): איך וועל זיין גליקלעך, דאָנאַ רעינאַ, טאַנצן מיט אייך אַ פאַרטיטאַ. איך האָב לאַנג געוואַרט אויף דער געלעגנהייט.

רעינאַ: (באַרוישט, מאַכט אַ טריט צו אים. דער פירשט לייגט אַרויף די האַנט אויף איר אַקסל).

דאָנאַ בריאנדאַ: רעינא איז צום ערשטן מאָל אויף אַ באַל, פירשט, איר דאַרפט זי לערנען טאַנצן.

פירשט פון אַראַגאָן: מיט מיין גאַנצער צערטלעכקייט, גנעדיקע דאָנאַ.

(דער פירשט פון אַראַגאָן און רעינא גייען אַוועק).

דאָנאַ גראַציאַ: צו וואָס אַזויפיל פריינטלעכקייט צום פירשט פון אַראַגאָן, בריאַנדאַ? ער קען דאָס אויסטייטשן אַנדערש, ווי מיר פאַרלאַנגען!

דאָנאַ בריאַנדאַ: ווי דו פאַרלאַנגסט, גראַציאַ, נישט ווי מיר פאַרלאַנגען.

דאָנאַ גראַציאַ: מיין ווילן — איז דער ווילן פון אונזערע עלטערן, בריאַנדאַ.

דאָניאַ בריאַנדאַ: דו האָסט געזען, ווי רעינא איז גליקלעך געווען, ווען דער פירשט איז צו אונז צוגעקומען? דער אומעט איז פון איר אַוועק, זי האָט אויפגעלעבט!

דאָנאַ גראַציאַ: רעינאַ איז אַ קינד. מיר קענען ניט נאָכגעבן אירע קינדישע גלוסטונגען, ווען עס איז אוממעגלעך! פאַרנעם זיך ניט מיט רעינאַן, בריאַנדאַ!

בריאַנדאַ: דו ביסט גרייט צו ברענגען לעבעדיקע קרבנות צו דיין גאָט.

גראַציאַ: נישט דאָ איז דאָס אָרט צו ריידן . . . מיר האָבן דאָ מער שונאים ווי פריינט.

ב ר י אַ נ ד אַ: מען קען ניט האָבן קיין פריינט, ווען מען וויל זיין פון אַלעמען אָפּגעזונדערט, אַנדערש ווי אַלע! (גייט אַוועק פון איר מיט שטורעם).

(עס קומען אָן שמועסנדיק דאָן מיקעז און הער ווינטערטאַל, זיי גייען צו צו דאָנאַ גראַציאַ).

ה ע ר ו ו י נ ט ע ר ט א ל: דאָנאַ מענדעס, איך האָב געהערט, אַז איר בויט אַ נייעם מאָנאַסטיר, עס איז זייער גאָטספאָרכטיק, ווען נייקריסטן טוען עס!

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ: נייקריסטן בויען מאָנאַסטירן כדי די אַלט־גלויביקע זאָלן גיין אָפּטער צו אַ גאָטעסדינסט.

ה ע ר ו ו י נ ט ע ר ט א ל: וואָס מער מאָנאַסטירן — אַלץ וויניקער תפילות, דאָס איז שוין אָן אַלטער כלל, דאָנאַ מענדעס.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ (שפּאָסט): דאָס איז שוין נישט אונדזער כוונה, הער ווינ־טערטאל!

ד אָ ן מ י ק ע ז: די ענינים וועלן מיר איבערלאָזן פאַרן בישאָף, הער ווינטער־טאל — זאָגט מיר ווי איז אייך געגאַנגען אייער רייזע קיין טערקיי? איז עס אמת, אַז דער טערקישער סולטאַן האָט אייך אויפגענומען אין אַ נאַכט העמד?

ה ע ר ו ו י נ ט ע ר ט אַ ל: זיי זיינען זייער אַ ווילד פאָלק, די אומגלויביקע טערקן! דער סולטאַן סולעימאַן איז דער ערשטער, וואָס האָט איינגעפירט נאַכט־וועש אין טערקיי, האָט ער זיך, וואַרשיינלעך געוואָלט באַווייזן דערמיט פאַר אַן אייראָפּעאישן גאַסט.

ד אָ ן מ י ק ע ז (לאַכט): גאַנץ מעגלעך... אָבער, הער ווינטערטאל, דער סולטאַן האָט איינגעפירט נישט נאָר נאַכט העמדער, נאָר אויך אַ סך נייע אויסאַרבע־טונגען פון געווער.

ה ע ר ו ו י נ ט ע ר ט אַ ל (ערנסט): טערקיי ווערט שטאַרק אונטערן סולעימאַן.

ד אָ ן מ י ק ע ז: ער פאַרנעמט זיך וויניקער מיט פאַרפאָלגונגען, ווי אייניקע אייראָפּעאישע לענדער (קוקט אים אָן פאַרשנדיק).

ה ע ר ו ו י נ ט ע ר ט א ל: ריכטיק, איך האָב וועגן דעם אַליין געטראַכט.

(גראַף וועסטפאל קומט אָן).

ג ר אַ ף ו ע ס ט פ אַ ל (האַסטיק): הער ווינטערטאַל, די גרעפין וואַרט אויף אייך!

ה ע ר ו ו י נ ט ע ר ט אַ ל: אַנטשולדיקט. (גייט אַוועק מיט גראַף וועסטפאַל).

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ (צו דאָן מיקעז): אַ חוצפה פון דעם פירשט פון אַראַגאָן!

ער האָט געבעטן רעינאַ'ן טאַנצן, נאָכדעם ווי איך האָב אַ יאָר צייט ניט דערלויבט רעינאַ'ן זיך באַגעגענען מיט אים!

ד אָ ן  מ י ק ע ז: ער וואָלט עס ניט געוואַגט צו טאָן, ווען מיר וואָלטן ניט געווען קיין ניי־קריסטן! מיר וועלן וויזן דעם אַראַגאנער אייזל, אַז זיין פירשטלעכע קרוין איז גישט קיין סך ווערט פאַר די מענדעסעס.

(עס קומט אָן באַראָן דע רען).

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן: מאַדאַם מענדעס! שוין פיר יאָר איך ניט געזען, מאַדאַם.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: אַ סך צייט צום געדענקען, באַראָן.

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן: אָבער צו ווייניק צייט צו פאַרגעסן.

ד אָ ן  מ י ק ע ז: איך וועל גיין זען, ווי רעינאַ טאַנצט צום ערשטן מאָל אין אַ לאַנג קלייד.

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן: אָ, יע, זי טאַנצט מיטן פירשט פון אַראַגאָן. ער דערציילט איר געוויס וועגן זיינע פערד־שטאַלן, אָדער וועגן זיין יאַגד, אָדער וועגן דעם מעדאַל, וואָס ער האָט געקראָגן פון דער קעניגין. איך האָב אים קיינמאָל ניט געהערט ריידן וועגן עפּעס אַנדערש, דעם נאָבעלן פירשט פון אַראַגאָן! דער מענש איז ווירקלעך געפאַנגען אין דער טראַדיציע פון זיין משפחה. ווען ער זאָל זיך איינמאָל אויפכאַפּן און פאַרגעסן, אַז ער איז דער פירשט פון אַראַגאָן, וואָלט ער ניט געוואוסט, ווי צו גיין, צי אויף די פיס, צי אויפן קאָפּ!

(זיי גיבן אַ לאַך. דאָן מיקעז גייט אַוועק).

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: איר האָט נאָך אַלץ ליב צו זאָגן אַ וויץ, באַראָן?

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן: פון אַלטע געוואוינהייטן און אַלטער ליבע איז שווער זיך אָפּזאָגן, מאַדאַם. איך בין דאַנקבאַר דעם גראַף וועסטפאַל, וואָס ער האָט מיך היינט איינגעלאַדן און איך האָב די געלעגנהייט אייך צו זען. איך האָב אפילו מיט פאַרגעניגן אויסגעהערט דעם גראַפ'ס אייביקן קלאָגן זיך אויף די הויכע שטייערן!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (שפּאַסיק): דאָס איז טאַקע אַ העלדישקייט פון אייך.

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן: איך בין גרייט אויף גרעסערע מאַטערנישן כדי טרעפן אייך, מאַדאַם מענדעס. פאַרוואָס דערלויבט איר מיר נישט באַזוכן אייער פּאַלאַץ? איך פאַרשטיי, אַז איך בין פאַר אייך געבוג לאַנגווייליק און איר דאַרפט זיך אָפּרוען אַביסל צייט נאָך אַ באַגעגעניש מיט מיר — אָבער דאָס דאַרף דאָך ניט נעמען גאַנצע פיר יאָר מאַדאַם!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: באַראָן, לאָמיר איבערלאָזן דעם שמועס און...
אין נאָמען פון גאָט לאָמיר זיך קיינמאָל ניט אומקערן צו אים.

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן: אַלע געטער, מאַדאַם מענדעס, האָבן אַ סך באַ׳עוולה׳ט זייער באַשאַף — דעם מענטשן. וואָס מער מען איז איבערגעגעבן דעם אומבאַשטימטן ווילן פון הימל, אַלץ שווערער איז גיין אויף דער ערד. איר ווייסט עס, מאַדאַם מענדעס, און איך ווייס דאָס אויך. שטראָף און חסד פאַלן צופעליק אויפן מענטשן, און דאָס איז אַזאַ אומרעכט, וואָס קיין שום אמונה קען זי ניט פאַרענטפערן, דעריבער מאַדאַם מענדעס, פאַרלאַנגט פון מיר גאָרניט אין נאָמען פון גאָט.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: אין נאָמען פון פריינטשאַפט, באַראָן.

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן: אין נאָמען פון ליבע, מאַדאַם מענדעס, וואָס באַ׳עוולה׳ט קיינמאָל ניט, און איז געהאָרכזאַם ווי אַ בוים, וואָס ברענט אויס ביזן סוף, ווען ער ווערט איינמאָל אָנגעצונדן.

ט י ר  ב אַ ד י נ ע ר: איר מאַיעסטעט די קעניגין מאַרי פון אונגאַרן!

(מען שפּילט דעם קעניגלעכן הימן, אַלע גיבן זיך אַ קער צום דורכגאַנג, וואו עס פּראַצעסירט פאַרביי די קעניגין מאַרי מיט איר באַגלייטונג. מען שטייט פאַר איר געבויגן. פון צווייטן זאַל הערט מען אַן אָוואַציע. „זאָל לעבן די קעניגין מאַרי״. באַראָן דע רען, דאָנאַ גראַציאַ, און אַלע אַנדערע גייען אַריין אין זאַל נאָך דער קע־ניגלעכער פּראָצעסיע. אין דעם צימער קומען אַריין די דינער, וואָס זיינען גע־שטאַנען ביי די טירן).

1 - ט ע ר  ד י נ ע ר: איצט איז די בעסטע צייט צו מאַכן אַ שנאַפּס. ביז די קעניגין וועט זיך אָוועקזעצן וועט זיך קיינער ניט וואַגן אַ ריר טאָן פון אָרט. איך ווייס שוין. איך בין שוין ביי אַזעלכע אויפנאַמעס געווען. (ער גיסט זיך אָן אַ גלעזל און טרינקט אויס).

2 - ט ע ר  ד י נ ע ר: שיינע פּרויען דאָ פאַראַן אויפן באַל! ווען איך וואָלט געווען אַ נאָבעליקער וואָלט איך צוגעגאַנגען און איך וואָלט אָנגענומען ביי דער האַנט דאָנאַ גראַציאַ מענדעס — זי איז שיין . . .

3 - ט ע ר  ד י נ ע ר: וואָס איז דער וואונדער, וואָס זי איז שיין? מיט כישוף איז זי שיין! מיט כישוף.

1 - ט ע ר  ד י נ ע ר: דו ביסט אַן אומוויסנדער מענטש! פון כישוף קען מען ווערן רייך, אָבער שיין — דאָס נישט! שיינקייט איז פון זיך אַליין. באַראָן דע רען איז אין איר פאַרליבט. ער האָט פאַרקויפט אַלע זיינע פּאַלאַצן אין פראַנקרייך און איז

געקומען אַהער — שוין יאָרן . . . ווען איך וואָלט געווען אַ נאַבעליקער, וואָלט איך אויך אַזוי געטאָן.

2 ־ טער דינער: שווייג! ווען ער וואָלט געווען אַ נאַבעליקער! כאַ, כאַ . . .

(עס קומען אַריין מאַרקיזאַ דע שאַמאַן און הער ווינטערטאַל. די דינער גיבן זיך אַ צערוק און גייען אַוועק הינטער די טירן).

מאַרקיזאַ דע שאַמאַן (אויסער זיך): אַך, וואָס עס איז געוואָרן פון די נאַבעליקע! איר האָט געזען, מיין פריינט, ווי גראַף וועסטפאַל האָט פאָרגעשטעלט דאָנאַ גראַציאַ פאַר דער קעניגין? האָט איר געזען, ווי אַזוי ער האָט זי צוגעפירט?

הער ווינטערטאַל: וואָס איז דער וואונדער, מאַרקיזאַ?

מאַרקיזאַ: אַ פרוי וואָס האָט אינגאַנצן נית קיין טיטולן ווערט פאָרגעשטעלט פאַר דער קעניגין?

הער ווינטערטאַל: איר מאַכט אַ טעות, מאַרקיזאַ, דאָנאַ גראַציאַ האָט אַ טיטול.

מאַרקיזאַ: אָ! שוין געקויפט?

הער ווינטערטאַל: נישט געקויפט, נאָר זי האָט אים.

מאַרקיזאַ: איך ווייס נישט דערפון.

הער ווינטערטאַל: זי איז די פרינצעסין פון גאָלד! נישטאָ קיין איין קרוין אין אייראָפּע, וואָס איז רייכער פון דאָנאַ גראַציאַ מענדעס.

מאַרקיזאַ (קוקנדיק אין צווייטן זאַל): איר זעט, מיין פריינט? די קעניגין דערלאַנגט איר די האַנט. זי איז זייער פריינטלעך צו איר . . .

הער ווינטערטאַל: מסתם קלייבט זיך די קעניגין מאַכן אַ הלוואה אין די מענדעס־בענק. די קעניגין איז פאַרזונקען אין חובות.

מאַרקיזאַ: אָבער די נאַבעליקע זאָלן זיך בויגן פאַר געלט? איך מיין, עס דאַרף זיין פאַרקערט . . . אַלץ דאַרף זיך בויגן פאַר אונז, פאַר די נאַבעליקע.

הער ווינטערטאַל: בלויז אויף אַ באַל, מאַרקיזאַ, ווען מוזיק שפּילט, נישט מער! געלט איז איצט דער גרעסטער כח אין אייראָפּע. אַזוי מעכטיק ווי די קרוין! אַזוי מעכטיק ווי דער הייליקער פּויפּסט אַליין!

מאַרקיזאַ (מיט שרעק און צאָרן): אַלע הייליקע זאָלן מיך היטן! וואָס רעדט איר, הער ווינטערטאַל!

הער ווינטערטאַל: שרעקט אייך נית, מאַרקיזאַ, אַזוי איז דאָס.

מ אַ ר ק י ז אַ: אַך, דאָס האָט מיך ווירקלעך צערודערט!... מען זאָגט, אַז די מענדעסעס שטאַמען פון אידן, איצט דער צווייטער דור!

ה ע ר  ו ו י נ ט ע ר ט א ל: מיר, קריסטן, דאַרפן זיין צופרידן, אַז אַנדערע קומען אונטער דער שוץ פון אונזער גלויבן.

מ אַ ר ק י ז אַ: יע, אָבער... אַך... (שטיל כסדר) מען האָט מיר געזאָגט, אַז דער פירשט פון אַראַגאָן וויל חתונה האָבן מיט רעינא מענדעס.

ה ע ר  ו ו י נ ט ע ר ט א ל: עס קען זיין.

מ אַ ר ק י ז אַ: עס וואָלט געווען צום באַדויערן, ווען אַ נייקריסטין זאָל אָנטאָן די אַלטע קרוין פון די פירשטן פון אַראַגאָן! (זיי גייען אַוועק. עס גייען פאַרביי דאָן מיקעז און דער גראַף וועסטפאַל).

ג ר אַ ף  ו ו ע ס ט פ אַ ל: וואָס איז די פּעולה וואָס אונזער שווערד איז שאַרף, אַז איטאַליע נעמט אונז איין מיט אירע לידער! דאָס איז ערגער ווי אַן אַרמיי, זאָג איך אייך! מיט אַן אַרמיי קען איך מלחמה האַלטן, אָבער איך קען ניט מלחמה האַלטן מיט מיין גרעפין, וואָס איז פאַרליבט אין איטאַליע!

ד אָ ן  מ י ק ע ז: אָ, גאָט באַהיט! דאָס וואָלט געווען אַן אומווירדיקער קריג.

ג ר אַ ף: די שטייערן זיינען גרויס... (גייען פאַרביי).

(עס קומען דאָנאַ גראַציאַ און רעינא).

ר ע י נ א: מאַמאַ, דער פירשט פון אַראַגאָן טאַנצט אַזוי גוט! ער האָט מיר געזאָגט: איר זיינט שיין, דאָנאַ רעינאַ!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: אַלע זאָגן אַזוי, ווען מען טאַנצט.

ר ע י נ א: מאַמאַ, צוויי מאָל האָט ער דאָס מיר געזאָגט: איר זיינט שיין, דאָנאַ רעינא!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (טראַכט אַ ווײַלע, פּלוצלונג): רעינא, וואָס דער פירשט זאָל ניט זאָגן — דו דאַרפסט ניט טראַכטן וועגן דעם. מיר האָבן אים צופעליק באַגעגנט! ווען דער פירשט וואָלט געהאַט מער אַכטונג צו אונזער משפחה, וואָלט ער נישט געוואַגט דיך לאַדן צו אַ טאַנץ.

ר ע י נ אַ (פאַרלוירן, אומגליקלעך): ער איז געווען זייער העפלעך צו מיר, דער פירשט.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: זיין העפלעכקייט גייט ניט ווייטער, ווי ביזן שפיץ פון

זיין שווערד. מיר וועלן באַלד אָוועקפאָרן פון באַל, רעינאַ. איך בין מיד. דו דאַרפסט זיך זעגענען מיטן גראַף, מיט דער גרעפין און מער . . . מיט קיינעם ניט.

(עס קומט צו בריאַנדא).

ב ר י א נ ד א : דו האָסט זייער שיין געטאַנצט, רעינאַ!

ר ע י נ אַ : די מאַמע וויל פאַרלאָזן דעם באַל.

ב ר י א נ ד אַ : פאַרוואָס, גראַציע? מיר פאַרברענגען דאָ זייער גוט, עס איז פריילעך.

ג ר אַ צ י אַ : ניט שטענדיק איז פריילעך — גוט.

ב ר י אַ נ ד א : אַלע מענשן פאַרשטייען אַזוי, נאָר דו, גראַציאַ, ביסט אַנדערש און דו פאַרלאַנגסט פון אַלעמען מען זאָל זיין ווי דו.

(עס קומען אָן דאָן מיקעז און הער ווינטערטאַל).

ה ע ר ו י נ ט ע ר ט א ל : גלויבט איר, דאָן מיקעז, אַז פראַנקרייך וועט איינהאַלטן איר פריינטשאַפט מיט טערקיי?

ד אָ ן מ י ק ע ז : אַזוי שטעל איך זיך פאָר.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ (פונדערזייט צו דאָן מיקעז) : מיר וועלן פאָרן אַהיים, דאָן מיקעז.

ד אָ ן מ י ק ע ז : יע, עס איז גענוג שפעט.

(עס קומט אָן דער פירשט פון אַראַגאָן. ער גייט צו צו דאָנאַ גראַציאַ. דאָן מיקעז שמועסט שטיל מיט הער ווינטערטאַל).

פ י ר ש ט פ ו ן אַ ר אַ ג אָ ן : איך בין באַצויבערט פון אייער טאָכטער, דאָנאַ מענדעס.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ (קאַלט) : אַ דאַנק אייך, פירשט. ווי איז אייך געגאַנגען דער יאַגד דאָס יאָר?

פ י ר ש ט פ ו ן אַ ר אַ ג אָ ן : זייער גוט. זייער געלונגען. (חוצפה׳דיק) עס איז דאָ אַ גלויבן ביי יעגער, אַז נאָך אַ געלונגענעם יאַגד קומט אַ גליקלעכע הייראַט. און איך האָף, אַז דער גלויבן וועט דערפילט ווערן ביי מיר.

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד א (שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ) : אַז מען קען בייקומען אַ בער, קען מען בייקומען אַ פרויען האַרץ אויך.

(קענטיק, אַז דאָן מיקעז הערט זיך צו צום שמועס).

פ י ר ש ט פ ו ן אַ ר אַ ג אָ ן (צו דאָנאַ גראַציאַ) : ווי מיינט איר, דאָנאַ מענדעס?

**ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : איך ווייס ניט, פירשט, איך האָב, יעדנפאַלס, קיינמאָל וועגן אַזאַ גלויבן גישט געהערט.**

**ד אָ ן  מ י ק ע ז : מען דאַרף ניט זיין אַבערגלויביש, פירשט פון אַראַגאָן.**

**פ י ר ש ט : עס איז נישט אָנגענומען, דאָן מיקעז, זיך אַריינמישן, ווען איינער רעדט צו אַ דאַמע.**

**ד אָ ן  מ י ק ע ז : פאַרקערט, פירשט, עס איז אָנגענומען צו באַשיצן אַ דאַמע, ווען איינער וויל איר אָנבינדן צופיל געוואַגטע גלויבונגען.**

**פ י ר ש ט : איר רעדט מיטן פירשט פון אַראַגאָן, איר האָט עס פאַרגעסן?!**

(כאַפּט אַרויס די שווערד. דאָן מיקעז גיט אים פלינק אַ נעם ביי דעם אָרעם און די שווערד פאַלט אַראָפּ).

**ד אָ ן  מ י ק ע ז : איר זיינט צו שוואַך, פירשט.**

**פ י ר ש ט** (ראַנגלט זיך): **עס איז אַ שאַנד זיך שלאָגן מיט די פויסטן.**

**ד אָ ן  מ י ק ע ז : וויכטיק איז דער נצחון, נישט דאָס געווער.**

(עס ווערט אַ טומל).

**מ אַ ר ק י ז אַ  ד ע  ש אַ מ אַ ן** (לויפט אָן שרייענדיק): **אַ געפעכט!**

**ג ר אַ ף  ו ו ע ס ט פ אַ ל** (פאַלט אַריין אַ צעפלאָמטער): **אום גאָטעס ווילן! די קעניגין איז דאָ!**

(צום אַריינגאַנג קומט צו די קעניגין מאַרי, בלייבט שטיין אויף דער שוועל, עס ווערט שטיל).

**ק ע נ י ג י ן  מ אַ ר י** (שמייכלט כיטרע, רעדט מוטערלעך): **די פירשטן פון אַראַגאָן זיינען בראַוו אויפן שלאַכטפעלד, אָבער דאָ זיינען מיר אויף אַ באַל, פירשט. די שווערד אין שייד.**

**פ י ר ש ט  פ ו ן  אַ ר אַ ג אָ ן** (לייגט אַריין די שווערד אין שייד): **אַנטשולדיקט, גנעדיקע קעניגין.**

**ק ע נ י ג י ן  מ אַ ר י** (שמייכלט, הויבט אָן אַריינקומען אין צימער): **די שווערד איז ניט דער בעסטער מיטל אויף איינצונעמען די הערצער פון יונגע פרויען.** (דער עולם גיט אַ לאַך) **איר קענט פאַרברענגען, מיינע פריינט, איך וועל זיך דאָ אָפּרוען.**

(גראַף וועסטפאַל העלפט זיך איר זעצן אויף אַ שטול. דער עולם הויבט אָן איבער־גיין אין צווייטן זאַל. דאָנאַ גראַציאַ גייט פאַרביי, קעניגין מאַרי פאַרהאַלט זי).

**ק ע נ י ג י ן  מ אַ ר י : איר זיינט בלייך, דאָנאַ מענדעס?** (אַלע גייען אַרויס. עס בלייבן דאָנאַ גראַציאַ און די קעניגין מאַרי).

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : פרויען זיינען נישט צוגעוואוינט צום קלאַנג פון געווער, גנעדיקע קעניגין.

ק ע נ י ג י ן  מ אַ ר י  (שאָקלט מיטן קאָפּ מוטערלעך) : אייניקע פרויען זיינען גוט באַוואָפנט אָן געווער. (זי ווייזט דאָנאַ גראַציאַ אויף אַ שטול, דאָנאַ גראַציאַ זעצט זיך) : איך שאַץ זייער הויך, דאָנאַ מענדעס, וואָס איר האָט דערמוטיקט דעם מאַגיסטראַט צו בויען די שפּייכלערס. דאָס האָט אונז אַ סך נוצן געבראַכט.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : עס איז מיר טייער אייער אָפּשאַצונג, גנעדיקע קעניגין.

ק ע נ י ג י ן  מ אַ ר י : איר קענט שטענדיק אויסרעכענען אויף מיין פריינטשאַפט.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : איך דאַנק אייך, גנעדיקע קעניגין.

ק ע נ י ג י ן  מ אַ ר י  (פּלוצלונג) : אייער טאָכטער איז זייער שיין, דאָנאַ מענדעס!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ  (איבעראַשט, קאָנטראָלירט זיך) : יוגנט איז שיין, גנעדיקע קעניגין.

ק ע נ י ג י ן  מ אַ ר י : דער פירשט פון אַראַגאָן וויל הייראַטן מיט איר. ער האָט זיך געווענדט צום קייסער קאַרל וועגן דעם. (קליינע פּאוזע).

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : און זיין הויכגעבוירט דער קייסער קאַרל האָט באַוויליקט אָנצונעמען פאַרמיטלונג אין שדכנות?

ק ע נ י ג י ן  מ אַ ר י  (ציניש) : דער פירשט פון אַראַגאָן לייגט אים פאָר צוויי הונדערט טויזנט דוקאַטן פאַר דער פאַרמיטלונג. דער קייסער קאַרל נויטיקט זיך אין געלט. דער קייסער קאַרל האָט זיך געווענדט צו מיר — איך זאָל עס פאַרלייגן פאַר אייך נאָר איך האַלט עס פאַר נישט פּאַסיק פאַרן קייסער קאַרל און פאַר זיך — און איך האָב זיך אָנטזאָגט! יע, איך האָב זיך אָנטזאָגט.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : אויב אַזוי, ווי דאַרף איך פאַרשטיין אייער איצטיקע מיט־טיילונג, גנעדיקע קעניגין?

ק ע נ י ג י ן  מ אַ ר י : בלויז ביי אַ פריינטלעכער באַגעגעניש אַ שמועס. איך האָב אַ האַרציקן געפיל צו אייך, דאָנאַ מענדעס, און איר פאַרדינט עס.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : איך דאַנק אייך, גנעדיקע קעניגין.

ק ע נ י ג י ן  מ אַ ר י : די פירשטן פון אַראַגאָן זיינען נאָענט צו דער קייזער־לעכער פאַמיליע, לויט זייער אָפּשטאַם און צוליב זייערע גרויסע פאַרדינסטן . . . (כיטרע) איך פאַרשטיי, אַז איר וועט גערן איינגיין אויף דעם שידוך, ווען צו אייך וועט אַזאַ פאַרשלאַג דערגרייכן . . .

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : מיין טאָכטער איז נאָך זייער יונג, גנעדיקע קעניגין.

ק ע נ י ג י ן מ אַ ר י (מוטערלעך): **איך באַגרייף, אַז ביי אייך קענען זיין אַנדערע רעכענונגען.** (אַ צווייטיטנדיקע פּאוזע). **דער גליק פון אייער טאָכטער אין דער ערשטער ריי . . . נאָר אויב דער קעניג וועט צו אייך מאַכן די ווענדונג — איז עס אַ פאָרשלאָג פון קייסער,** דאָנאַ מענדעס. **עס איז מיר געווען זייער אנגענעם מיט אייך צו שמועסן.**

(די קעניגין גייט אַרויס. דאָנאַ גראַציאַ פאַלט צו מיט ביידע הענט צום אָנלען פון שטול).

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ (שטייענדיק אָנגעלעגט): **גאָט העלף מיר אין זכות פון אונדזערע אָבות.**

**( פ אָ ר ה אַ נ ג )**

# צווייטער אַקט

## ערשטע סצענע

דער זעלבער זאַל ביי די מענדעסעס אין פּאַלאַץ אין אַנטווערפּן, ווי אין ערשטן אַקט. אויף אַ שטול זיצט רעינא דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן אויף די הענט. עס קומט אַריין בריאַנדאַ, זי שטייט אַ ווײַלע לעבן רעינאן. רענא רירט זיך ניט פון אָרט.

ב ר י א נ ד א: רעינא . . .

ר ע י נ א: (הויבט אויף דעם קאָפּ גלייכגילטיק, גיט אַ קוק און לאָזט ווידער אַראָפּ דעם קאָפּ אויף די הענט).

ד אָ נ אַ ב ר י א נ ד אַ: דו האָסט מזל, רעינא.

ר ע י נ א: (הויבט אויף דעם קאָפּ און קוקט אָן בריאַנדאן נייגעריק).

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ: די מאַמע דײַנע וועט ניט איינשטעלן זיך קעגן קייסער קאַרל! אַזויפיל מוט וועט ניט האָבן אפילו „דאָנאַ גראַציאַ”! דו וועסט זיין די פירשטין פון אַראַגאָן (טרוימעריש), די נאָבעליקע וועלן זיך בויגן פאַר דיר ביז דער ערד. דו וועסט געהערן צו אַ משפחה פון קייזערלעכן אָפּשטאַם! ניטאָ קיין שלעכטער שידוך פאַר די מענדעסעס . . .

ר ע י נ אַ: די מאַמע וויל עס נישט. זי איז זייער געערגערט. זי האָט מיר היינט געהייסן אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר וועגן דער ירושה. די מאַמא זאָגט, אַז איך וועל אַוועקפאָרן.

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ: גרעטאַ האָט אויך אונטערגעשריבן דעם פּאַפּיר. איר האָט גלייכע חלקים. גראַציאַס פאַרמעגנס גייען אַריבער צו דיר, און מיינע צו גרעטאַ'ן. איר זאָלט האָבן אַזוי פיל הצלחה וויפל מיר האָבן געהאַט, נאָר ווייניקער גאווה, ווי דיין מאַמאַ! אַ שידוך מיט די פירשטן פון אַראַגאָן וויל זי אָפּזאָגן! צוליב וואָס? אַן איינשמועסעניש—אידן! ווער דאַרף דאָס? די אַראַגאָנס קענען נאָך אַמאָל קומען צום טראָן! דו פאַרשטייסט, רעינא? צום טראָן! (אין עקסטאַז) ווען דו וועסט ווערן די פירשטן פון

אַראַגאָן וועט מען פאַרגעסן, אַז די מענדעסעס זיינען ניי־קריסטן! ווער וועט וואַגן צו דערמאָנען וועגן דעם, ווען דו וועסט קומען מיט דער קרוין אויפן קאָפּ.

**ר ע י נ אַ :** ער איז אַ שיינער, דער פירשט . . . אַ העפלעכער . . . אַ ריטער.

**ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ :** רעינאַ... זאָג דער מאַמאַ, אַז דו האָסט אים ליב.

**ר ע י נ א :** דער מאַמאַ ? ניין, פאַר דער מאַמאַ קען איך דעם פירשט ניט דער־מאָנען. זי וויל ניט הערן וועגן דעם.

**ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ :** איצט וועט זי מוזן הערן! איצט האָט זי קיין ברירה ניט. דער קייסער אַליין איז פאַרמישט! כאַ, כאַ, כאַ.

(עס גיט זיך אָן עפן די טיר. איזאַבעלא און פעדראָ טראָגן דורך אַ קופערט. בריאַנדא און רעינא קוקן נאָך פאַרוואונדערט).

**ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ :** וואוהין טראָגט איר דעם קופערט, איזאַבעלאַ?

**א י ז אַ ב ע ל אַ :** די גנעדיקע דאָנאַ גראַציאַ האָט געהייסן אַריינשטעלן דעם קופערט אין דער גרויסער קאַטש.

**ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ :** צוליב וואָס ?

**פ ע ד ר אָ :** מיר ווייסן ניט, גנעדיקע דאָנא, אַזוי איז באַפוילן. (גייען אַוועק).

**ר ע י נ א :** (לייגט אַוועק צוריק דעם קאָפּ אויף די הענט).

**ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ :** אַלץ ווערט דאָ געטאָן געהיים. ווי אַ בלינדער גייט מען אַרום דאָ אין פּאַלאַץ! (לאָזט זיך גיין צו דער טיר, רופנדיק) גראַציאַ! גראַציאַ!

(עס קומט איר אַנטקעגן דער בלינדער אזאר).

**א ז א ר** (גייט, קלאַפּט מיטן שטעקן) **: איך האָב אָפּגעגעבן די אויגן פאַר גאָט, זע איך מער ווי די זעעוודיקע, ווייל די וואָס קוקן צו דער ערד, זיינען סיי־ווי בלינד.**

(ער גייט פאַרביי. בריאַנדאַ בלייבט אַ פאַרשווויגענע אַ ווײַלע).

**ד אָ נ אַ ב ר י א נ ד א :** גראַציאַ׳ס שגעון! אַ מטורף האַלט מען דאָ אין שטוב! אַ פחד וואַרפט ער אויף מיר אָן.

(עס קומט אַריין דאָן מיקעז).

**ד אָ ן מ י ק ע ז :** ווער וואַרפט אָן אויף אייך אַ פחד, גנעדיקע דאָנאַ בריאנדא?

**ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ :** דער בלינדער אזאר.

**ד אָ ן מ י ק ע ז** (גיט אַ צי מיט די אַקסלען פאַרוואונדערט) **: ער איז אַ שטילער מענש, וואָס שמועסט מיט גאָט. ער וואַרפט אָן אויף אייך אַ פחד, גנעדיקע דאָנאַ בריאַנדאַ. כאַ־כאַ־כאַ! און אויף מיר וואַרפט אָן אַ פחד אַ רויבער, וואָס האָט באַצאָלט**

צוויי הונדערט טויזנט דוקאַטן אַ צוויי-טן רויבער, זיי זאָלן צוזאַמען באַפּאַלן אַ פרידלעכן פּאַלאַץ, אַוועקשלעפּן די פּרויען, אויסרויבן דאָס גאָלד, זיך אָנזויפן מיט וויין . . . און זיך וואַלגערן שכור׳ע אין די הויפן!

ד אָ נ אַ   ב ר י אַ נ ד אַ :   (פאַרוואונדערט) : וואָס רעדט איר, דאָן מיקעז?

ר ע י נ א :   (הויבט אויף דעם קאָפּ און הערט זיך צו).

ד אָ ן   מ י ק ע ז :   דער גאַנצער הויף אַרום פּאַלאַץ איז פול מיט שטורקאַצן! איר זעט ניט ווי זיי פלאַמען, דאָנא בריאַנדא? (לויפט צו צום פענצטער) מען איז אונז באַפאַלן! די העק זיינען געשאַרפטע! די פערד זיינען געפּאַשעטע, פעטע פערד! די דינער זיינען געאיבט אין מאָרד! זיי ווילן אונז דערשטיקן!

ד אָ נ אַ   ב ר י אַ נ ד אַ   (מיט שרעק) : די וואָך! אונזער וואָך!

ד אָ ן   מ י ק ע ז   (לאַכט זיך פונאַנדער) : איך שפּאַס, דאָנאַ בריאַנדאַ! איך האָב ליב צו דערציילן אַ מעשה׳לע, וואָס קומט פאָר אויף דער וואָר.

ד אָ נ אַ   ב ר י אַ נ ד אַ :   און איך וועל שוין ניט קענען שלאָפן די נאַכט. (גייט אַוועק).

ד אָ ן   מ י ק ע ז   (זעצט פאָר) :   נאָר זיי וועלן ניט קענען באַפאַלן די נשיא׳ס, ווייל זייערע שטורקאַצן וועלן זיך אויסלעשן. די העק וועלן אַרויספאַלן פון די הענט, די פעטע פערד וועלן פאַלן, און די דינער, געאיבטע אין מאָרד, וועלן ווערן מאַנאַכן . . . (ער שטעלט זיך אַוועק אין אַ פרומער פּאָזע, די הענט פאַרהויבן אויף בענטשן) זייט געבענטשט מענטשן-קינדער גלויביקע און קומט אין קעניגרייך פון רחמים. זייט געבענטשט . . . זייט געבענטשט . . .

ר ע י נ א   (גייט צו צו אים) : דאָן מיקעז...

ד אָ ן   מ י ק ע ז :   צוויי הונדערט טויזנט דוקאַטן ביסטו אָפּגעשאַצט, רעינאַ . . . איך האָב אַזוי פיל גאָלד און איך האָב עס פיינט. דאָס גאָלד פון דוקאַטן, דאָס גאָלד פון די פאַרגליווערטע קרוינען, טונקעלע, ווי אַ פאַרדרימלטער געדאַנק, נידעריקע און טעמפּע, ווי די קעפּ, וואָס טראָגן זיי . . .

ר ע י נ אַ :   דאָן מיקעז . . .

ד אָ ן   מ י ק ע ז :   גאָט האָט דאָס גאָלד באַהאַלטן אין דער ערד, מען זאָל עס ניט זען, ווייל עס איז מיאוס. בלויז דעם גלאַנץ פון גאָלד האָט ער אויפגעהאַנגען אויף דער זון, ווייל עס איז שיין. נאָר די מענטשן האָבן ליב אויסגראָבן דאָס מיאוסע . . .

ר ע י נ אַ :   דאָן מיקעז . . .

ד אָ ן   מ י ק ע ז   (דערזעט זי ווי פון חלום) :   ווי בלייך דו ביסט, רעינא.

ר ע י נ אַ : איך האָב ניט געשלאָפֿן די נאַכט.

ד אָ ן מ י ק ע ז : דו ביסט שיין, (ער נעמט זי גרינג אַרום) איבער דיין פּנים ליגט די שיין, אַ שטראַל פֿון אַן איידעלער מחשבה, וואָס דו האָסט קיינמאָל ניט געטראַכט, נאָר דו האָסט עס געקראָגן פֿאַרטיק, בירושה, (לאָזט זי אָפּ) פֿון די וואָס דו האָסט קיינמאָל ניט געקענט . . .

ר ע י נ אַ : וואָס זאָגט איר, דאָן מיקעז?

ד אָ ן מ י ק ע ז : פֿון די נשיא׳ס קומט עס צו דיר, רעינאַ. די פּירשטן פֿון אַמאָל. די פּירשטן פֿון גייסט, מיט דיין־געקנייטשטע שטערנס, ווי דיינער (פּירט דורך די האַנט איבער איר שטערן), אַמאָל אין וויטן בבל האָבן זיי געפּירט אַ פֿאָלק בלויז מיט מחשבה, אָן גאָלד און אָן אייזן, בלויז מיט אַ שטראַל פֿון אַ לויכטנדיקן בליק, מיט אַ וואָרט פֿון גאָט־באַהעפּטונג.

ר ע י נ אַ : איך פֿאַרשטיי ניט, דאָן מיקעז.

ד אָ ן מ י ק ע ז : און זייער חלום איז געווען, ווי יוסף׳ס חלום — די זון, די לבנה און די שטערן, דאָס מלכות שמים.

ר ע י נ אַ : איך קען ניט באַגרייפֿן, דאָן מיקעז.

ד אָ ן מ י ק ע ז : קום, איך וועל דיר אים ווייזן יוסף׳ס חלום. ער הענגט נאָך ביז היינט אין הימל. (ער גייט מיט איר אַרויף אויף טרעפּלעך) בריאַנדאַ האָט מורא זי זאָל אים ניט דערזען! עס זעען אים נישט די מענדעסעס, נאָר די פֿאַרבאָרגענע נשיא׳ס, וואָס מען טאָר ניט דערמאָנען זייער נאָמען און מען ווייסט ניט ווער זיי זיינען.

(זיי פֿאַרשווינדן אויף די טרעפּלעך).

(עס קומען אַריין דאָנאַ גראַציאַ און דאָן מאַרקאָ).

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : דאָן מיקעז האָט שוין באַדאַרפֿט זיין צוריק, פֿאַרוואָס איז ער ניטאָ? (זי גיט אַ קוק אין פֿענצטער) אפֿשר האָט זיך אים ניט איינגעגעבן פּועל׳ן ביי פֿראַנקרייך די גרענעצן זאָלן זיין אָפֿן פֿאַר רעינאַ׳ן? רעינאַ טאָר דאָ לענגער ניט בלייבן. אַך, עס איז מיר אַזוי שווער זיך צעשיידן מיט רעינאַ׳ן! זי איז נאָך אַ קינד. וועט פֿאַרוואָגלט ווערן אין דער פֿרעמד.

ד אָ ן מ אַ ר ק אָ : איר אַוועקפֿאָרן וועט אַרויסרופֿן אַ סך חשדים!

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : די נאָבעליקע זיינען געוואוינט צו אַוואַנטורעס. מיר וועלן פֿאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז זי איז אַנטלאָפֿן מיט דאָן מיקעז. זיי וועלן גלויבן אין דעם.

ד אָ ן מ אַ ר ק אָ : מעגלעך. אַלע ווייסן, אַז דאָן מיקעז איז רייך, פֿאַרבונדן מיט אַ סך לענדער, פֿון אים קען מען דערוואַרטן אַ סך אומגעריכטע זאַכן. מעגלעך אַז זיי וועלן גלויבן.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : איין מענטש איז דאָ, וואָס וועט זיכער ניט גלויבן. דאָס איז

די קעניגין מאַרי. זי האָט געוואוסט, אַז איך וועל דעם שידוך מיט די אַראַגאָנס ניט טאָן. און זי איז צופרידן דערפון.

דאָן מאַרקאָ: זי היט די אמונה פון די מענדעסעס, מיינט איר?

דאָנאַ גראַציאַ: זי האָט מורא געהאַט איך זאָל ניט נאָכגעבן דעם קעניג קאַרל, איך זאָל זיך ניט דערשרעקן פאַר אים, דעריבער האָט זי מיך פאַרזיכערט אין איר פריינטשאַפט, דאָס מוז מען נעמען אין חשבון — זי וויל ניט דעם שידוך.

דאָן מאַרקאָ: אפשר איז אמת, אַז דער קעניגין מאַרי איז ניט אָנגעשטאַנען אַז די קייזערלעכע משפחה זאָל זיך פאַרנעמען מיט שדכנות, און איר שטייט ניט אָן, אַז איר ברודער זאָל דאָס טאָן.

דאָנאַ גראַציאַ (מאַכט אַ באַוועגונג אויף ניין): דער שלעפּערקע שטייט אַלץ אָן. זי ווייסט ניט פון קיין חרפּה. פון איר קען מען אַ סך דערוואַרטן. (זי פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע) די פּאַפּירן וועגן דער ירושה זייַנען פאַרטיק, דאָן מאַרקאָ?

דאָן מאַרקאָ: אַלץ איז גע'חתמ'עט און פאַרזיגלט אין מאַגיסטראַט.

דאָנאַ גראַציאַ: די קעניגין מאַרי האָט געוואָרפן אַן אויג אויף אונזערע פאַרמעגנס, דערפאַר גייען איר אָן אונזערע שידוכים. איך בין צופרידן, וואָס די פּאַפּירן וועגן דער ירושה זייַנען שוין געמאַכט.

(עס קומט אַרײַן איזאַבעלאַ, דערלאַנגט אַ קעסטעלע).

איזאַבעלאַ: איר האָט פאַרגעסן דאָס קעסטעלע, גנעדיקע דאָנאַ. (גייט אַוועק).

דאָנאַ גראַציאַ: דאָן מאַרקאָ, גרייט צו די בריוו וועגן רעינאַ'ס אַנטלויפן. איר אַליין זאָלט זיי שרייבן. איר און איך — מער קיינער ניט. איך וויל אַז מאָרגן אינדערפרי זאָלן זיי אַרויסגעשיקט ווערן צו אַלע אונזערע פאַרשטייער אין אַלע שטעט, מען דאַרף זיי בעטן זיי זאָלן אונז העלפן זוכן רעינאַ'ן.

דאָן מאַרקאָ: די בריוו וועלן זיין גרייט, דאָנאַ גראַציאַ. (גייט אַוועק).

דאָנאַ גראַציאַ (עפנט דאָס קעסטעלע, נעמט אַרויס אַ קמע, באַטראַכט זי. פירט דורך מיט די הענט איבערן פּנים, ווישט אויס די אויגן מיט דער שאַל): גאָט, זאָלסט שיצן מיין קינד, אין איר ערשטן שווערן וועג אויף היטן דיין געבאָט. זאָלסט שטאַרקן איר האַרץ זי זאָל קענען ביישטיין דעם נסיון.

(עס פאַלט אַריין דאָנאַ בריאַנדאַ אַן אויפגעפלאַמטע).

דאָנאַ בריאַנדאַ: וואָס קומט דאָ פאָר, גראַציאַ. (שמעקט פון אַ פלעשעלע מינטער־טראָפּנס) צוליב וואָס דאַרפסטו די אַלטע קמעות? געהיימניסן טוט זיך דאָ . . .

ג ר אַ צ י אַ ( רואיק) : איך שיק אַוועק רעינאַ׳ן פון אַנטווערפּן.

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ (דערשטוינט) : ווער ביסטו, גראַציאַ, וואָס דו רעדסט אַזוי? מיטן קייסער קאַרל וועסטו מלחמה האַלטן?

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : גאָט וועט אונז העלפן.

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ : אומגליקן וועסטו ברענגען אויף אונז. דער קייסער קאַרל וועט אַריינפאַלן אין צאָרן... מיר וועלן... (שמעקט די מינטער־טראָפּנס).

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : דערפאַר דאַרף מען רעינאַ׳ן אַוועקשיקן נאָך איידער דער קייסער קאַרל האָט זיך געווענדט.

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ : אָבער די קעניגין מאַרי האָט דיר געזאָגט, אַז ער וויל דעם שידוך! דער קייסער קאַרל וועט זיך פילן באַליידיקט . . .

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : אָ, דו היטסט דעם כבוד פון דעם קייסער קאַרל.

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ : געוויס! ווי קען מען? זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ שידוך? פון אַזאַ שטאַנד? פון אַזאַ גדולה?

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : אָ, דו היטסט דעם וואוילזיין פון די נשיא׳ס? (לאַכט).

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ : די נשיא׳ס! ווער זיינען זיי די נשיא׳ס, וואָס איך זאָל צוליב זיי איינשטעלן דאָס לעבן? שטענדיק אין פּחד, אין שרעק, אין צביעות! די קרוין פון די אַראַגאָנס וואָלט געווען אַ שוץ פאַר אונז, אונזערע פאַרמעגנס וואָלטן געווען געזיכערט . . . און אונזערע לעבנס אויך . . .

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ (רייסט זי איבער) : איך וויל ניט אַזאַ שוץ! דאָס איז אַ שוץ פאַר אַ הינקעדיקן הונט זיך באַהאַלטן אונטער פרעמדע דעכער! זיך איינ־קנייטשן, איינבויגן, פאַרבייטן אונזער גרויסן גאָט אין הימל אויפן געביל פון די יאַגד־הינט אין די הויפן פון די אַראַגאָנס! מיר זאָלן דאָס טאָן? מיר!

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ : אָ, דיין גאווה! „מיר!״ „מיר!״ טויזנטער משפחות מישן זיך אויס מיט די קריסטן און ווערן פּטור פון יאָך. ווי לאַנג דאַרפן מיר זיך מאַטערן? דיעגאָ מיינער איז געפייניקט געוואָרן, איבער אונז הענגט שטענדיק די שרעק פון די פינצטערע קעלערן, פון פייער . . .

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : אָבער דיין מאַן, דיעגאָ, האָט עס אָנגענומען פאַר ליב. ער איז נישט געווען ווי דו, בריאַנדאַ. ער האָט ניט געזוכט קיין שוץ ביי די שונאים. ער איז געווען אַ נשיא!

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ : רעינאַ האָט ליב דעם יונגן פירשט. צוליב דיין גאווה

ביסטו גרייט זי מקריב צו זיין. און דער פירשט האָט זי ליב. זי וואָלט גליקלעך געווען מיט אים!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : דו מאַכסט אַ טעות — איך בין זי מציל. איך בין מציל אַ נפש! זי וועט פאַרגעסן איר בענקשאַפט, און זי וועט ניט לעבן אין שפלות.

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : געדענק, גראַציאַ! באַדאַכט זיך! געדענק וואָס דו נעמסט אויף זיך! (עס פאַלט פון איר אַראָפ די פערל־שאַל).

(עס קומען אַראָפּ פון די שטיגן דאָן מיקעז און רעינאַ. דאָנאַ גראַציאַ און דאָן מיקעז קוקן זיך איבער. דאָן מיקעז שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ).

ד אָ ן  מ י ק ע ז (הויבט אויף בריאַנדאַ׳ס פערל־שאַל מיט שפּאָסיקער עלעגאַנץ און דערלאַנגט איר) : פאַרלירט ניט אייער פערל־שאַל, דאָנאַ בריאַנדאַ! אין אייער פערל־שאַל איז דאָ אַ נשמה. זי איז אַ הונגעריקע. זי פרעסט כסדר, ביז זי פרעסט אויף דעם מענטשן.

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : איר זיינט שכור, דאָן מיקעז?

ד אָ ן  מ י ק ע ז (זעצט פאָר) : דערנאָך עסט זי אויף זיין גאָט, און עס בלייבט מער גאָרניט — אויסער די פערל־שאַל.

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ (פּראָטעסטירנדיק) : דאָן מיקעז! . . .

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : דאָן מיקעז שפּאַסט . . . וואָס ווערסטו אויפגערעגט, בריאַנדאַ? (צו רעינאַ׳ן) רעינאַ, דאָס איז אַ קמע, וואָס דער טאַטע האָט דיר געשענקט, ווען דו ביסט געווען אַ קינד. (זי טוט אָן רעינאַ׳ן די קמע) דו זאָלסט עס טראָגן און זיין אויסגעהיט פון בייז.

ר ע י נ אַ (גיט אַ קוק אויף דער קמע) : וואָס פאַר אַ קמע איז עס, מאַמאַ?

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : אברהם פירט יצחק׳ן צו דער עקדה. דער טאַטע האָט ליב געהאַט די קמע. זי וועט דיר ברענגען גליק. דו פאָרסט אַוועק, מיין קינד.

ר ע י נ אַ : ווען, מאַמאַ?

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : היינט, מיין קינד. דו אַנטלויפסט פון אַ שפל׳דיק לעבן, און גאָט וועט דיך דערהויבן, מיין קינד.

ר ע י נ אַ : נאָך איין טאָג וויל איך דאָ בלייבן, מאַמאַ. אין גאָרטן בליען די בלומען. איך האָב ליב דעם פּאַלאַץ . . .

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : גאָט וועט דיר גרינג מאַכן דעם וועג.

ר ע י נ אַ : וואוהין פאָר איך, מאַמאַ?

ד אָ ן  מ י ק ע ז : איך וועל מיט דיר פאָרן, רעינאַ.

**ר ע י נ אַ:** מאַמאַ, פאַר וואָס מוז איך פאָרן היינט? איך וויל אין גאָרטן שפּאַצירן אַ טאָג, איך וויל אַלע ווינקעלעך פון פּאַלאַץ אַרומגיין, איך וויל זיך זעגענען מיט איזאַ־בעלאַ און מיט מאַדאַם באָשאַר . . .

**ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ:** דו אַנטלויפסט היינט, רעינאַ! מען וועט דיך שמידן אין קייטן און פירן צו דער חתונה!

**ר ע י נ אַ:** ווער וועט עס וואַגן צו טאָן?

**ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ:** דער העפלעכער ריטער. דער פירשט פון אַראַגאָן. ער וועט וואַגן.

**ר ע י נ אַ:** איך קען ניט גלויבן.

**ד אָ ן  מ י ק ע ז:** ער האָט באַצאָלט צוויי הונדערט טויזנט דוקאַטן דעם קייסער אויף אַרויפצווינגען דעם שידוך. אָט איז די קאָפּיע פון זיין בריוו. (ווייזט רעינאַ׳ן אַ בריוו).

**ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ:** מיר זיינען אידן, רעינאַ. מען מוז ניט זיין צופיל אידל צו אונז.

**ר ע י נ אַ:** (קוקט דורך דעם בריוו, צערייסט אים מיט די ציין. דאָן מיקעז טוט איר אָן אַ שאַל).

**ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ:** וואוהין? וואוהין פאָרסטו, רעינאַ? רעינאַ! רעינאַ . . . דו וועסט ניט טראָגן די קרוין פון די אַראַגאָנס . . . רעינאַ . . . אַזאַ גליק . . .

**ר ע י נ אַ** (טרויעריק): **מיר וועלן אַוועקפאָרן ווייט, דאָן מיקעז. דאָס גליק זאָל אונז ניט דעריאָגן.** (זי הויבט אָן וויינען. פאַלט צו צו דאָן מיקעז׳ס אָרעם. ער פירט זי צו דער טיר).

(בלייבט שטיין קוקנדיק אויף דער פאַרמאַכטער טיר).

**ד אָ ן  מ י ק ע ז:** די זון וועט דיך אָפּברענען, רעינאַ. דו וועסט זיין ענלעך צו שולמית. (דאָנאַ גראַציאַ גיט אַ קוש רעינאַ׳ן. די טיר פאַרמאַכט זיך.)

**ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ:** דו ביסט אומגליקלעך, גראַציאַ? אומגליקלעך אין דיין גאווה? האַ? אומגליקלעך!

**פּ ע ד ר אָ** (באַווייזט זיך אין טיר): **אַ שליח פון זיין מאַיעסטעט, דעם קייסער קאַרל!** (אַ ווילדע זיינעןביידע שוועסטער געפלעפט).

**ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ:** בעט דעם הויכגעבאָרענעם שליח וואַרטן. איך גיי אים אויפנעמען. (פּעדראָ גייט אַוועק).

**ב ר י אַ נ ד אַ:** גראַציאַ . . . גראַציאַ! קער זיי אום! איך האָב מורא . . .

**דאָנאַ גראַציאַ:** (פאַרריכט די האָר, נעמט אַרויס פון קעסטעלע אַ דיאַדעם און טוט אָן אויפן קאָפּ. גלייכט זיך אויס און גייט צו דער טיר, וואו פעדראָ איז אַוועק).

**בריאַנדאַ:** (בלייבט אַליין): **עס איז מיר קאַלט... גרעטאַ!** (זי ציט אויס די הענט, כאַטש אין צימער איז קיינער ניטאָ) **גרעטאַ... דעק מיך איין... דעק מיך צו... עס איז מיר קאַלט... איך האָב מורא...**

(פאָרהאַנג)

# צווייטער אַקט

## צווייטע סצענע

דער פּאַלאַץ פון די מענדעסעס אין ליאָן. איזאַבעלאַ פּוצט די מעשענע געשטעלן פון די לאָמפּן און פּעדראָ גיסט אָן אויל אין די ברען־רערן. אויף אַן אָנגעזעצן אָרט אַ בראָנזענער קאָפּ פון דאָנאַ גראַציאַ.

**פּעדראַ:** אַך, אַך, אַך, איזאַבעלאַ, אומעטיק ביי אונז אין פּאַלאַץ אין ליאָן! וואָס פּאַר אַ פאַרגעניגן איז עס פאַר מיר אָנצינדן די לאָמפּן און פאַרלעשן די לאָמפּן? אַמאָל אין אַנטווערפּן זיינען געווען פריילעכקייטן, בעלער, די יונגע דאָנאַס האָבן אַרומגעשטיפט, גלעלעכטערס זיינען געווען אין פּאַלאַץ, פאַרשטעלטע האָבן געשפּילט! און איצט — קומט איין שטאָפּעט, קומט נאָך אַ שטאָפּעט, אַ שאָד דעם האָבער, וואָס מען גיט זייערע פערד קייען.

**איזאַבעלאַ:** מיט דיר פּעדראָ, איז גוט לעקאָך עסן. אַן אַנדערער אויף דיין אָרט וואָלט זיך צום האַרצן גענומען, וואָס די גנעדיקע דאָנאַ גראַציאַ שלאָפט ניט אין די נעכט! „גיס אָן, — זאָגט זי, — איזאַבעלאַ, אויל אין די לאָמפּן, די נעכט זיינען לאַנגע”. ווען זי וואָלט געשלאָפן, צו וואָס וואָלט זי באַדאַרפט אויל אין די לאָמפּן ביינאַכט?

**פּעדראַ:** און אַלץ צוליב דער יונגער דאָנאַ רעינאַ! אַוועקגעפלויגן ווי אַ פייגעלע, פּי, פּי, פּי! (צענעמט די הענט און באַווייזט, ווי אַ פייגעלע פליט אַוועק) איז דער פירשט פון אַראַגאָן געוואָרן אין כעס, איז דער קייסער געוואָרן אין כעס, איז דער בישאָף געוואָרן אין כעס! דעם קייסער דאַרף מען פאָלגן! אויף דעם איז ער געבאָרן געוואָרן! און די יונגע דאָנאַ רעינאַ — פּי, פּי, פּי! ווער עס האָט געלד, יענער האָט אַ משוגעת דערצו. און מיר דאַרפן אַרומפאָרן אין אַלע שטעט זיי זוכן!

**א י ז אַ ב ע ל אַ:** שאַרף ניט די צונג, פעדרא! אַ צעמישעניש איז אָנגעקומען אויף דער יונגער דאָנאַ. זי איז אַ בלאַסינקע אַרומגעגאַנגען פאַרן אַנטלויפן. דאָס האַרץ האָט איר ווי געטאָן.

**פ ע ד ר א:** נישטאָ קיין האַרץ ביי אייך, ווייבער! און דו, איזאַבעלאַ, ביסט בעסער? שוין פיר יאָר אַז דו האָסט צוגעזאָגט חתונה האָבן מיט מיר! און איצט? קאָמעז האָט לאַנגע וואָנצעס, ווילסטו מיט אים אַרומלאַכן! (וויל זי אַרומנעמען, גיט אַ טרייסל דעם געשטעל מיטן בראַנזענעם קאָפּ).

**א י ז אַ ב ע ל אַ:** זיי פאַרזיכטיק! פון קעניגלעכן הויף אַ מתנה איז דער בראָנ־זענער קאָפּ דער גנעדיקער דאָנאַ גראַציאַ! נישט פאַר דיר, פעדרא, אויף אָנצורירן!

**פ ע ד ר א:** מען ווייס, מען ווייס! (נעמט זי אַרום).

**א י ז אַ ב ע ל אַ** (רייסט זיך אַרויס): **לאָז אָפּ, פעדראָ, איך האָב קיין צייט ניט! איך דאַרף זיך שטעלן פאַר דער גנעדיקער דאָנאַ זאָגן, אַז דער זאַל איז פאַרטיק.**

(עס קומט אַריין דאָן מיקעז אָנגעטאָן אין אַ וועג־מאַנטל).

**פ ע ד ר אָ:** **גנעדיקער דאָן מיקעז!** (לויפט צו אים און העלפט אים זיך אויסטאָן).

**א י ז אַ ב ע ל אַ:** **גנעדיקער דאָן מיקעז? איך לויף שוין אָנזאָגן דער גנעדיקער דאָנאַ!** (לויפט אַוועק).

**ד אָ ן מ י ק ע ז** (גרינג): **נו, וואָס פעדרא, ווען האָסטו חתונה מיט איזאַבעלאַן?**

**פ ע ד ר א:** **אָ, גנעדיקער דאָן מיקעז! נישטאָ קיין האַרץ ביי די ווייבער! קאָמעז האָט לאַנגע וואָנצעס...** (ער נעמט צו ביי דאָן מיקעז דעם מאַנטל) **און איזאַבעלאַ... ווינקט זיך דורך מיט אים.**

**ד אָ ן מ י ק ע ז** (גרינג): **יע, ברודער פעדרא! אַן אומגליק מיט די לייט, וואָס האָבן לאַנגע וואָנצעס!** (גיט אים אַ קלאַפּ איבערן אַקסל) **איך וועל דיר געבן אַ שמירעכץ אַזאַ — וועלן דיינע אויך אויסוואַקסן.** (פעדרא פאַרנויגט זיך און גייט אַוועק. עס קומט אַריין דאָנאַ גראַציאַ).

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ** (נעמט אַרום דאָן מיקעז'ן): **איר זעט אויס מיד, אַ שווערער וועג געווען?**

**ד אָ ן מ י ק ע ז** (זעצט זיך. קליינע פאַוזע): **נישט דער וועג איז געווען שווער, דאָנאַ גראַציאַ. אַלע אונזערע פאַרמעגנס אין בעלגיע און אין דייטשלאַנד זיינען אונטער אַרעסט.**

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ:** **דאָס האָט מען באַדאַרפט דערוואַרטן, ווען זיי האָבן אָנ־געהויבן דעם פּראָצעס קעגן מיר און בריאַנדאַ'ן.**

**דאָן מיקעז** (נאָך אַ קורצער ווײַלע, צוגרייטנדיק צו אַ שווערן אָנזאָג): **דאָס הייליקע געריכט האָט אַ נײַעם אײַנפאַל.**

**דאָנאַ גראַציאַ** (זעצט זיך אַוועק, וואַרטנדיק).

**דאָן מיקעז:** **זיי פאָדערן איר און בריאַנדאַ זאָלן קומען אין באַראַבאַנט זיך פאַרטיידיקן.**

**דאָנאַ גראַציאַ:** **מיטן קאָפּ אין פײַער אַרײַן, הייסט עס . . . אין וואָס באַשולדיקן זיי אונז, דאָן מיקעז? די אינקוויזיציע האָט דאָך אפילו קיין זוכונג ביי אונז אין פּאַלאַץ ניט געמאַכט.**

**דאָן מיקעז:** **געזעצן זײַנען געשריבן אויף וואַקס. מען קען זיי דערוואַרע־מען, און אָפּקילן, און געשטאַלטיקן, און אַן אומשולדיקער ווערט שולדיק, ווען מען מאַכט אויף אים אַ באַשולדיקונג.**

**דאָנאַ גראַציאַ:** **די האַנט פון דער קעניגין מאַרי ליגט דאָ! די מענדעס־פּאַרמעגנס האָבן איר זיך פאַרגלוסט! אַזאַ שלעפּערקע אין אַ קרוין! זי האָט שוין לאַנג פאַרטראַכט אָט די רויבערײַ! דער שידוך, אונזער אַוועקפאָרן — דאָס איז פאַר איר אַ גוטער אויסרייד! איך ווײַל זי רואינירן! איך וועל צעברעכן איר רעגענטור. אַלע אונזערע בענק ווען מיר באַפעלן — מען זאָל אָפּשטעלן יעדן האַנדל מיט בעלגיע! מיר וועלן זיי דערשטיקן!**

**דאָן מיקעז** (שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין): **ניין, דאָנאַ גראַציאַ! דעם משפּט קעגן אײַך פירט די קירך. די קירך איז אומעטום די זעלבע. מיר טאָרן ניט דערלאָזן דער פּראָצעס זאָל ווערן צו הילכיק. גאָט האָט ניט ליב קיין צו הילכיקע פּראָצעסן, דאָנאַ גראַציאַ!** (פאַלט אַרײַן אין אַ טיפערן עקסטאַז) **גאָט האָט באַשאַפן אַ שטילע וועלט, און ווען דער לייב וויל צערייסן דעם הירש, כאַפּט ער אים אָן פאַרן האַלז, ער זאָל ניט קענען אַ געשריי טאָן. שטילקייט איז גוט. די גלויביקע קענען תפילה טאָן צום באַרימהערציקן, ווען עס איז שטיל.**

**דאָנאַ גראַציאַ** (פאַרלאָרן): **וואָס קענען מיר טאָן, דאָן מיקעז?**

**דאָן מיקעז:** **מיר וועלן זיי שלאָגן פון אַן אַנדער זײַט.** (הייבט זיך אויף, דרייט זיך דורך אַ פּאָר מאָל איבערן זאַל, שטעלט זיך אָפּ ביים פענצטער לעבן אַ בלומען־טאָפּ, פלוצלונג שניידט ער אָפּ אַ בלום מיט אַ מעסער).

**דאָנאַ גראַציאַ:** **דאָן מיקעז! וואָס טוט איר?**

**דאָן מיקעז:** **ווענעציאַ! דער קייסער קאַרל וויל צונעמען ווענעציאַ! ער וויל דאָרטן באַזעצן דעם פּרינץ שאַרל! דעם נאַרישן זון פון דעם קלוגן פראַנסואַ. מיר**

**וועלן אים אָפּשניידן ווענעציאַ! מיר וועלן דאָרט שטיצן די פּראָנצווייזשע פּאַרטיי! דאָס וועט אים קאָסטן טייערער וויפיל עס זיינען ווערט אונזערע פּאַרמעגנס אין דייטש־לאַנד און אין בעלגיע! מען דאַרף זיי לערנען אויף שטום־לשון, אַז די פּראָצעסן פון דער הייליקער קירך קאָסטן טייער דער קרוין.**

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : רעיגנאַ איז אין ווענעציאַ! מער פעלט אונז ניט, אַז עמיצער פון אונזער משפחה זאָל אַריינפאַלן אין די גרענעצן פון דער אימפּעריע!**

**ד אָ ן מ י ק ע ז : מעסיע מוסען וועט דאָ היינט זיין. איך וועל שמועסן מיט אים וועגן ווענעציאַ** (עס לויפט אַריין גרעטאַ).

**ג ר ע ט אַ : טאַנטע גראַציאַ . . .** (בלייבט שטיין אָן אָטעם).

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ** (קוקט אָן גרעטאַ׳ן מיט אומרואיקער דערוואַרטונג).

**ג ר ע ט אַ : די מאַמא . . . די מאַמא . . . די מאַמאַ וויל מיט מיר גיין צו אַ ביינאַכטיקער גאָטעסדינסט אין אַ מאָנאַסטיר. איך האָב מורא . . . זי וועט מיך דאָרט איבערלאָזן אין מאָנאַסטיר.**

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : וואָס פאַלט דיר איין, גרעטאַ?**

**ג ר ע ט אַ** (נאָך אַ ווײַלע פון שווייגן) **: די מאַמע האָט מיך געשלאָגן, ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל ניט גיין.**

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ** (ווערט אויפגעלויכטן, גיט אַ גלעט גרעטאַ׳ן איבערן פּנים) **: דו ביסט אַ נשיא, גרעטאַ.**

**ג ר ע ט אַ : טאַנטע גראַציאַ, איך האָב געהערט — די מאַמע האָט געזאָגט, — זי וויל איך זאָל זיין אין אַ מאָנאַסטיר.**

**ד אָ ן מ י ק ע ז : צו וועמען האָט זי דאָס געזאָגט?**

**ג ר ע ט אַ : צו מוטער עליזאַ**

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : צו גאָטעסדינסט וועלן מיר גיין אַלע צוזאַמען, גרעטאַ, ווי שטענדיק. און איצט גיי אַריין צו מאַדאַם באָשאַר און זאָג איר, אַז איך האָב געבעטן זי זאָל מיט דיר פאַרברענגען דעם היינטיקן אָוונט.** (גרעטאַ גייט אַוועק).

**ד אָ ן מ י ק ע ז : בריאַנדאַ מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרשטיין, אַז זי פאַרנעמט זיך ניט מיט גרעטאַ׳ס דערציאונג.**

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : איך בין אומרואיק וועגן בריאַנדאַ׳ן. זי האָט אויפגעהאַנגען אַ צלם איבער איר בעט, די מוטער עליזאַ קומט צו איר, און זיי קניען ביידע. אין אַ מין מרה שחורה איז זי, בריאַנדאַ.**

**ד אָ ן מ י ק ע ז : בריאַנדאַ איז מיד.**

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : דער דאָקטאָר גיט אויף איר אַכטונג. זי טוט גאָרניט. פון וואָס איז זי מיד?

ד אָ ן  מ י ק ע ז : זי איז מיד פון זיין אַ איד. נאָר די שטאַרקע וועלן בלייבן פון אונזער דור.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : דער משפט אין בראַבאַנט האָט זי אינגאַנצן צערודערט. דער פּחד פון דיאגאָ׳ס פּראָצעס.

(עס קומט אַריין דאָן מאַרקאָ).

ד אָ ן  מ אַ ר ק אָ : אַ בריוו איז אָנגעקומען פון יעפּיסקאָפּ פון אָגסבורג. ער וועט עדות זאָגן פאַרן הייליקן געריכט, אַז איר און דאָנאַ בריאַנדאַ זייט גלויביקע קריסטנס. (דאָנאַ גראַציאַ און דאָן מיקעז קוקן אַריין אין בריוו).

ד אָ ן  מ אַ ר ק אָ : זיין עדות זאָגן קען האָבן אַ גרויסע ווירקונג. מעגלעך מען זאָל אָפּשטעלן דעם פּראָצעס. די פאַרמעגנס וואָלטן געראַטעוועט געוואָרן.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : מיר גייט שוין ניט אַזוי אין די פאַרמעגנס. בריאַנדאַ וואָלט זיך באַרואיקט.

ד אָ ן  מ י ק ע ז : מיר האָבן שוין געהאַט אַ סך גוטע פריינט און נאָך מער רדיפות. דאָס איינשטעלן זיך פון יעפּיסקאָפּ וועט פאַרשלעפּן דעם פּראָצעס אויף נאָך עטלעכע יאָר, אפשר אים גרינגער מאַכן . . . נו, וואָס? דאָס געלט וואָס מיר וועלן אַרויסקריגן פון דער קעניגין מאַרי, וועלן מיר דאַרפן אָפּגעבן דעם קייסער קאַרל אויף שוחד . . . (לאַכט) און מיטן געלט, וואָס מיר וועלן אַרויסקריגן פון קייסער קאַרל, וועלן מיר דאַרפן אונטערקויפן די קעניגין מאַרי.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : קיין שוחד וועלן מיר זיי ניט געבן! זאָל בעסער אַלץ פאַרפאַלן ווערן! מיר זיינען אין פראַנקרייך, אונטער דער שוץ פון קעניג פראַנסואַ. מיר זיינען נישט אין בעלגיע! מיר וועלן זיך לאָדן מיט דער קעניגין מאַרי!

ד אָ ן  מ י ק ע ז (גייט צו נאָענט צו דאָנאַ גראַציאַ) : דאָנאַ גראַציאַ, האָט איר אַמאָל געטראַכט וועגן דעם, אַז ניט גאָט האָט באַשאַפן די אידן, נאָר די גויים האָבן זיי באַשאַפן?

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (אויסער זיך) : מיר זאָלן נישט געשטראָפט ווערן פאַר אונ־זערע זינד! וואָס רעדט איר, דאָן מיקעז? דער אויבערשטער האָט באַשאַפן זיין פאָלק ישראל — ווער ווייס דאָס ניט?

ד אָ ן  מ אַ ר ק אָ : איך האָב אייך אויך ניט פאַרשטאַנען, דאָן מיקעז . . . איך מיין . . . און וואָס האָט עס צו טאָן מיטן פּראָצעס אין בראַבאַנט?

דאָן מיקעז: עס האָט! עס האָט צו טאָן מיטן פּראָצעס, דאָן מאַרקאָ! עס איז פאַר אונז גלייכער אויסגעבן צווייטמאָל אַזויפיל אויף שוחד, און נישט פאַרשפּילן קיין פּראָצעס! עס איז געפערלעך פאַר נייקריסטן צו פאַרשפּילן!

דאָנאַ גראַציאַ: דאָס הייסט פאַר אידן?

דאָן מיקעז: נייקריסטן, אידן — עס איז אַלץ איינס! אידן זיינען אייביק אידן — פאַרן טויף־וואַסער און נאָכן טויף־וואַסער . . . (ער בלייבט שטיין ביי דעם בראָנזענעם קאָפּ פון דאָנאַ גראַציאַ) איר זעט, דאָנאַ גראַציאַ, וואָס פאַר אַ שיינעם בראָנזענעם קאָפּ דער פראַנצויזישער קעניגלעכער הויף האָט אייך געשענקט?

דאָנאַ גראַציאַ: איך ווייס, דאָן מיקעז, וויפיל דאָס איז ווערט . . . וויפיל די כיבודים זיינען ווערט, ווייס איך . . .

דאָן מיקעז: אויב מיר וועלן פאַרשפּילן — און קאַרל דער פינפטער וועט האָבן אַ גוטן פאַרדינסט פון אונזער פּראָצעס — קען זיך דאָס פאַרוועלן פראַנקרייך אויך! מיר האָבן גענוג פאַרמעגנס אין פראַנקרייך — און אויף דעם האָבן זיי באַשאַפן אידן.

דאָן מאַרקאָ: אָבער דער קעניג פראַנסואַ, ער וועט ניט טאָן אַזאַ זאַך! ער קען מאַכן אַ וויטערן חשבון ווי קאַרל.

דאָן מיקעז: אויב ניט פאַרן קעניג פראַנסואַ, איז פאַר אַ שפּעטערדיקן קעניג. עס איז דאָ גענוג נאַרישקייטן אין די געקרוינטע קעפּ.

דאָן מאַרקאָ (הויבט זיך אויף): איך וועל גיין ענטפערן דעם יעפּיסקאָפּ אַ בריוו.

דאָנאַ גראַציאַ: יע, אַז מיר דאַנקען אים.

דאָן מיקעז: און מיר וועלן אויסבויען אַ מאָנאַסטיר. (דאָן מאַרקאָ גייט אַוועק) אַ מאָדנע זאַך מיט דער קירך — מיט איין האַנט כאַפּט זי דיר פאַרן האַלז, און מיט דער צווייטער — גלעט זי איבערן קאָפּ! אַ משונה'דיקע הייליקע הנאה.

דאָנאַ גראַציאַ: סוף כל סוף וועלן מיר מוזן פאַרלאָזן די ברעגן פון אייראָפּע. ביי די פעלקער פון אייראָפּע האָט גאָט אָנגענומען זייער אַ פינצטערע געשטאַלט. אַז איך זע זייער פירונג, פיל איך זיך באַליידיקט פאַר דער מענשלעכער אמונה. איך פאַרשטיי באַראָן דע רען, וואָס ער גלויבט מער אין גאָרנישט. נאַטירלעך, ער איז נישט קיין איד — ער באַגרייפט ניט דעם גאָט פון ישראל. (קליינע פּאוזע) מיר וועלן עפענען אַ באַנק אין ווענעציאַ, מיר וועלן זיך ציען נענטער צו טערקיי. דאָרט איז אַמווייניקסטן נישטאָ די אינקוויזיציע.

(אין דרויסן הערט מען אַ טופּעריי פון פערד, אַ קאָטש שטעלט זיך אָפּ).

**ד אָ ן מ י ק ע ז** (גייט צו צום פענצטער): **מיר האָבן אַ גאַסט, דאָנאַ גראַציאַ! באַראָן דע רען.** (ער גייט צו דער טיר אים באַגעגענען).

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ** (ווערט אויפגערודערט. זי מאַכט אַ טריט צו דער טיר, קערט זיך אום, זי גיט אַ שעפּטשע): **גאָט זאָל אונז אַלעמען שטאַרקן.**

(עס קומען אַריין באַראָן דע רען און דאָן מיקעז).

**ב אַ ר אָ ן ד ע ר ע ן: מאַדאַם מענדעס, עס איז היינט גענוי אַ יאָר — צוועלף לאַנגע חדשים — ווי מיר האָבן זיך געזען ביי גראַף וועסטפאַל. איר האָט מיר דעמאָלט דערלויבט אַ וויזיט אין אַ יאָר אַרום.**

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ: איך געדענק, באַראָן.**

**ב אַ ר אָ ן ד ע ר ע ן: איך האָב ניט געקענט פאַרזאַמען דעם טאָג.**

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ** (פריינדלעך): **איך בין אייך מקנא, באַראָן, וואָס איר מעסט אַ יאָר מיט צוועלף חדשים צייט . . .**

**ב אַ ר אָ ן ד ע ר ע ן** (באַמערקט): **און מיט דער האָפנונג אייך זען, מאַדאַם.**

(עס קומט אַריין דאָן מאַרקאָ מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט).

**ד אָ ן מ אַ ר ק אָ** (באַגריסט זיך העפלעך פונדערווייטן): **מעסיע לע באַראָן.** (דאָן מיקעז גייט צו צו דאָן מאַרקאָ. זיי קוקן דורך צוזאַמען דעם פּאַפּיר. דאָנאַ גראַציאַ זעצט פאַר דעם שמועס מיט באַראָן דע רען).

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ: פאַר מיר איז עס געווען אַ יאָר פון אַ סך איבערלעבונגען, באַראָן. פריינט, מיט וועלכע איך האָב יאָרן לאַנג פאַרבראַכט, שפּאַצירט, געשמועסט ביי פרידלעכע לאָמפּן אין די אָוונטן, געטרונקען ווייַן מיט זיי — איצט פאַרשפּרייטן זיי קלאַנגען קעגן מיר אין אַנטווערפּן, וואָס קענען מיך אומברענגען.**

**ב אַ ר אָ ן ד ע ר ע ן: איך ווייס דאָס, מאַדאַם, איך קום פון אַנטווערפּן. עס איז ניטאָ קיין גרענעץ צו מענטשלעכער נאַרישקייט, מאַדאַם מענדעס, און דעריבער דאַרף מען עס אָננעמען פאַרן בעסטן, וואָס מענטשן פאַרמעגן.**

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ** (גיט אַ לאַך): **איר זייַנט לייכטזיניק, באַראָן, אומהיילבאַר לייכטזיניק!**

**ב אַ ר אָ ן ד ע ר ע ן: די ערשטע לייכטזיניקייט באַגייען מיר אַלע ווען מיר ווערן געבאָרן, מאַדאַם, אָבער דאָס מיידן ניט אויס אפילו די טיפזיניקסטע.**

(דאָן מיקעז קומט צו. דאָן מאַרקאָ גייט אַוועק).

**ד אָ ן מ י ק ע ז: וואָס האָט אייך געזאָגט דער יעפּיסקאָפּ, באַראָן, ווען איר האָט זיך מיט אים געטראָפן? און וואָס, אייגנטלעך, באַשטייט די באַשולדיקונג קעגן דאָנאַ גראַציאַ און דאָנאַ בריאַנדאַ?**

באַראָן דע רען: מען איז חושד די מענדעסעס, אַז זיי ווילן ניט טאָן קיין שידוכים מיט קריסטן, און דאָס איז דער באַוויז . . . פון פאַרבאַרגענער אידישקייט. (קליינע פּאוזע).

דאָן מיקעז: אַ חשד קען דאָך ניט זיין קיין באַוויז.

באַראָן דע רען: מעסיע מיקעז, געזעצן זיינען געשריבן אויף וואַקס. מען קען זיי דערוואַרעמען און אָפּקילן און געשטאַלטיקן ווי וואַקס. דאָס האָט איר מיר אַמאָל אַליין געזאָגט, מעסיע מיקעז, און דאָס איז ריכטיק. (גרינג, שמייכלענדיק) מאַדאַם מענדעס, איר קענט אַראָפּנעמען דעם חשד און אָפּשטעלן דעם פּראָצעס.

דאָנאַ גראַציאַ: וויאַזוי, באַראָן?

באַראָן דע רען: זייער גרינג: אנשטאָט מאַדאַם מענדעס זיך אָנרופן מאַדאַם לאַ באַראָנעס דע רען.

דאָן מיקעז (לאַכט): אָ, דעמאָלט וועט מען זאָגן, אַז דאָנאַ גראַציאַ האָט אייך פאַר׳כשוף׳ט און מען וועט זי משפט׳ן פאַר צוויי פאַרברעכנס. דאָן מאַרקאָ וואַרט אויף מיר, באַראָן. (גייט אַוועק).

באַראָן דע רען: מאַדאַם מענדעס . . . איך האָב עס געמיינט פון גאַנצן האַרצן. איך וועל גליקלעך זיין, מאַדאַם, אַז איר וועט טראָגן דעם נאָמען פון באַראָן דע רען. איר וועט האָבן אייער באַזונדער פּאַלאַץ און קיין זאַך אין אייער לעבן וועט זיך ניט ענדערן, מאַדאַם, אויסער דעם פּראָצעס אין בראַבאַנט.

דאָנאַ גראַציאַ: באַראָן, איך בין אייך דאַנקבאַר פאַר אייער פריינטשאַפט. איך ווייס ווי שטאַרק איר פילט מיט מיט מיין גורל. ווען אַלץ וואָלט געווען אַנדערש ווי עס איז, וואָלט איך גליקלעך געווען פון דעם וואָס איר האָט מיר פאָרגעלייגט היינט. עס איז אפשר פאַר מיר דער בעסטער חלום צו טראַכטן וועגן דעם אַמאָל! אָבער, באַראָן, עס קען ניט זיין מיין וועג.

באַראָן דע רען: פּאָראורטיילן, מאַדאַם מענדעס! דערהויבענע פּאָראורטיילן זיינען נישט אַנדערש, ווי אַלע אַנדערע, מאַדאַם.

דאָנאַ גראַציאַ: איך באַוואונדער אייער מוט, באַראָן. מאַרקיזאַ דע שאַמאַן וואָלט אייך פאַרשאָלטן, ווען איר האָט חתונה מיט מיר. צו וואָס דאַרפט איר, באַראָן, דערוועקן שנאה קעגן זיך? מען קען ניט טיילן דעם גורל פון אַ מענשן, אפילו ווען מען וויל עס, אפילו פון דעם נאָענטסטן פריינט.

באַראָן דע רען: איך פרעג אייך ניט וועגן אייער גאָט, מאַדאַם. פאַר מיר זיינען אַלע געטער געטלעך, ווען זיי האָבן אַזעלכע גלויביקע ווי איר, מאַדאַם

מענדעס. מיך שרעקט אַמאָל אייער באַזונדערע גוטסקייט, וואָס איז אַן אויסשטראַלונג פון גאָט. איר זעט אויס ווי די הייליקע מאַדאָנאַ, און איך בין גרייט צו קניען פאַר אייך.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : (אין האַלבן שפּאַס) באַראָן, דערציילט עס ניט דעם בישאָפּ. ער וועט זיין אומצופרידן מיט אייך.

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן : קיינער וועט עס ניט הערן, מאַדאַם מענדעס. מיר שמועסן דאָך אין אַ חלום. (קליינע פּאוזע) מיר לעבן אין אַ ביטערן דור, מאַדאַם. עס איז ניט אנגענעם צו זען, ווי די גאָטהייטן האַלטן שווערדן אין די הענט און שלאָגן זיך, ווי זעלנער אויפן שלאַכט־פעלד. צוליב וואָס דאַרפן מיר זיין די געשלאָגענע אין דעם געפעכט ? קיין איינציקע אמונה האָט נאָך ניט אויסגעבויט קיין טעמפּל פאַרן מענטשלעכן גלויבן. צו וואָס דאַרפט איר, מאַדאַם, שלעפּן די שטיינער פאַר אַזאַ טעמפּל און פאַלן אויפן וועג ?

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : באַראָן, איך בין געוואוינט צו טראַכטן, אַז דאָס מענטש־לעכע לעבן איז קורץ, און די גלוסטונגען פון מענטשלעכן האַרץ זיינען קליין. און וויטיקן דאַרף מען איבערווינדן. דאָס איז אַן אַלטע געוואוינהייט, באַראָן. זי איז שטאַרקער פון מיר און אייביקער פון מיר, און איך גיב זיך איר אונטער יעדן טאָג ; יעדע שעה, און מיטן גאַנצן האַרצן . . .

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן : איך באַגרייף אייך ניט, מאַדאַם.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : מיר שמועסן דאָך איצט אין אַ חלום, באַראָן. אַ חלום איז קיינמאָל ניט קלאָר.

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן : און ער פאַרשווינדט.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : יע, און פאַרשווינדט. איך האָב צו אייך אַ בקשה, באַראָן : פאַרט אַוועק.

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן (גיט אַ קוש איר האַנט) : פירט מיך צו דער טיר, מאַדאַם. מיר איז שווער צו געפינען דעם וועג צו דער וואָר. (זי פירט אים צו דער טיר. ווען די טיר פאַרמאַכט זיך נאָך אים, גייט זי צוריק פּאַמעלעך, פאַרטראַכט און טרויעריק. באַראָן דע רען קערט זיך אום) מאַדאַם מענדעס, נעמט די שליסלען פון מיין פּאַלאַץ אין פּאַריז. איר וועט קענען אַהין אַריינגיין אויף אייער פאַרלאַנג. שטענדיק, מאַדאַם מענדעס.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (קווענקלט זיך) : באַראָן, מיט שליסלען פון חלום עפנט מען ניט קיין טירן אויף דער וואָר.

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן : זאָלן זיי ביי אייך בלייבן ווי אַ צייכן פון מיין איבער־געבנקייט. (דאָנאַ גראַציע נעמט די שליסלען. באַראָן דע רען גייט אַוועק.)

(דאָנאַ גראַציאַ שטייט אַ ווײַלע, באַטראַכט די שליסלען. עס קומט אַריין דאָן מיקעז).

ד אָ ן  מ י ק ע ז : וואו איז דער באַראָן?

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : ער איז אַוועק. ער האָט דאָ געלאָזן די שליסלען פון זיין פּאַלאַץ אין פּאַריז.

ד אָ ן  מ י ק ע ז (אָנגעשטרענגט): צוליב וואָס . . . דאָנאַ גראַציאַ?

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (גיט אַ לאַך): שרעקט זיך ניט, דאָן מיקעז. באַהאַלט זיי, ביי זיך. עס איז שווער צו טראָגן שליסלען פון חלומות.

ד אָ ן  מ י ק ע ז (לייגט אַריין די שליסלען אין קעשענע): מאָדנע איינפאַלן האָט דער באַראָן. אים פאַרדריסט, וואָס ער קען ניט אַלע יאָר איבערבויען די וועלט, ווי ער בויט איבער זיינע פּאַלאַצן. ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז אין רוים וואָלט מען באַדאַרפט מאַכן לאָנקעס פאַר הייליקע ציגן, און דאָס וואָלט געווען אַ סך אַ שטאַרקערער אויסדריק פון קריסטלעכקייט, ווי קירכן.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : ער איז דער איינציקער פון אונזערע פריינט, וואָס איז געקומען אַהער. ער האָט ניט מורא זיך איינשטעלן פאַר דעם, וואָס ער האָט ליב. אַ שאָד — וואָס ער איז אַ קריסט.

(עס קומט אַריין דאָנאַ בריאַנדאַ.)

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : וואו איז גרעטאַ? דו האָסט זי געזען, גראַציאַ?

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : גרעטאַ איז ביי מאַדאַם באַשאַר.

(בריאַנדאַ גייט צו דער טיר, וואוהין גרעטאַ איז אַוועק.)

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : בריאַנדאַ! גרעטאַ האָט די לעצטע טעג ווייניק געלערנט. זאָל זי אַביסל פאַרברענגען מיט מאַדאַם באַשאַר.

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : גרעטאַ וועט שוין קיין בראַנזענעם קאָפּ פון פראַנ־צויזישן הויף ניט קריגן, אַזוי ווי דו. זאָל זי בעסער פאַרברענגען מיט מיר איידער מיט מאַדאַם באַשאַר. (זי לאָזט זיך גיין צו דער טיר).

ד אָ ן  מ י ק ע ז : דאָנאַ בריאַנדאַ, גרעטאַ איז פאַרנומען. עס איז ניט כדאי איר צו שטערן. (ביאַרנדאַ שטעלט זיך אָפּ).

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : פאַר מיר איז גענוג, וואָס מיין שוועסטער גראַציאַ איז אַן אפּיטרופּוס איבער מיין טאָכטער. (לאָזט זיך צו דער טיר).

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : איך האָב געהייסן גרעטאַ'ן זיין ביי מאַדאַם באַשאַר.

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ (שטעלט זיך אָפּ צעטומלט): וואָס איז געשען מיט גרעטאַ'ן? איך וויל זי זען.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : יע, בריאַנדאַ, וואָס איז געשען מיט דיר, וואָס דו ווילסט אַזוי בויטיק זי זען?

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : איך ווייס ניט . . . איך פאַרשטיי ניט וואָס דו פרעגסט . . . איך בין דאָך איר מאַמע! איך . . .

פ ע ד ר אָ (אַנאָנסירט): מעסיע ביזאר, ריטער פון גאָלדענעם האָרן!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (קוקט מיט פאַרוואונדערונג אויף בריאַנדאַ׳ן): ווער האָט אים געלאַדן אַהער?

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : בעט מעסיע ביזאר אַריינקומען. (פעדראָ גייט אַוועק. צו גראַציאַ׳ן) איך האָב אים געבעטן קומען! איך מעג האָבן מיינע געסט! (גייט צו דער טיר אים באַגעגענען).

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : (צו דאָן מיקעז) : שונאים האָט זי אָנגעהויבן פאַרבעטן צו אונז אין פּאַלאַץ. (עס קומט אַריין מעסיע ביזאָר).

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : מעסיע ביזאר! אַזאַ גוטער גאַסט ביי אונז!

(דאָנאַ גראַציאַ שטייט קאַלט, קוקט זיך איבער מיט דאָן מיקעז.)

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : מעסיע ביזאר, אַ קאַוואַליער פון גאָלדענעם האָרן.

מ ע ס י ע  ב י ז אָ ר : פיל געהערט וועגן אייך, חשוב׳ע דאָנאַ גראַציאַ, און מעסיע מיקעז, פיל געהערט וועגן אייך! עס איז שוין לאַנג צייט איר זאָלט זיין צווישן די נאָבעליקע! אַפילו צווישן די מיטגלידער פון גאָלדענעם האָרן!

ד אָ ן  מ י ק ע ז : איר זיינט אַ קאַוואַליער פון גאָלדענעם האָרן? וואָס אייגנטלעך באַדייט עס?

מ ע ס י ע  ב י ז אָ ר : שוין דער זעקסטער דור, ווי מיר זיינען קאַוואַלערן פון גאָלדענעם האָרן! מיין אור־אור עלטער זיידע איז געווען דער ערשטער!

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : זעצט זיך, נאָבעלער מעסיע ביזאר! זייער אינטע־רעסאַנט, וואָס אייער עלטער־זיידע איז געווען דער ערשטער . . .

מ ע ס י ע  ב י ז אָ ר : מיין אור־אור־עלטער־זיידע, חשוב׳ע דאָנאַ בריאַנדאַ.

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : יע, איך מיין אייער אור־אור־עלטער־זיידע. ווי אַזוי האָט ער געקראָגן דעם נאָבעלן טיטול?

מ ע ס י ע  ב י ז אָ ר : די עמבלעם — חשוב׳ע דאָנאַ בריאַנדאַ.

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : יע, איך מיין די עמבלעם!

מ ע ס י ע  ב י ז אָ ר : מיין אור־אור־עלטער־זיידע איז געווען אַן אויסגעצייכנטער יעגער! כאַ, כאַ, כאַ . . . אַז ער האָט געשאָסן — האָט ער געטראָפן אין ציל! אויף אַ האָר האָט ער געקענט טרעפן! כאַ, כאַ, כאַ . . . אויף אַ האָר!

ד אָ ן מ י ק ע ז: אַזוי? המ . . . זייער אַ פיינער יחוס אייער עלטער זיידע, נאָבעלער מעסיע ביזאַר.

מ ע ס י ע ב י ז אַ ר: מיין אור־אור־עלטער־זיידע! יע . . . האָט ער זיך איינמאָל פאַרוואָטן מיט די יעגער, אַז ער וועט גיין אויף אַ בער איינער אַליין!

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ (צופּאַסנדיק זיך): אַך! אַך! אַך!

מ ע ס י ע ב י ז אַ ר: און ער האָט אָוועקגעלייגט דעם בער! כאַ, כאַ, כאַ, כאַ . . . דעמאָלט האָבן אים די יעגער — צווישן זיי איז געווען דער אַלטער גראַף מאָנפּעליע — באַערט מיט אַ גאָלדענעם האָרן! כאַ, כאַ, כאַ! פון ריינעם גאָלד אַ האָרן!

ד אָ ן מ י ק ע ז: און פון דעמאָלט שטאַמט דער אָרדן פון גאָלדענעם האָרן?

מ ע ס י ע ב י ז אַ ר: מיין אור־אור־עלטער־זיידע האָט אים געגרינדעט. בלויז הונדערט זעקס און דרייסיק משפחות געהערן צום אָרדן!

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ: איז ער טאַקע געווען אַ גוטער בערן־שיסער אייער אור־אור־עלטער־זיידע. איך בין פאַרנומען, נאָבעלער מעסיע ביזאר, באַשעפטיקט . . . (פאַרנייגט זיך און וויל אַוועקגיין).

מ ע ס י ע ב י ז אַ ר: חשוב׳ע דאָנאַ גראַציאַ, איך בין צו אייך געקומען טאַקע צוליבן אָרדן פון גאָלדענעם האָרן . . . (דאָנאַ גראַציאַ בלייבט שטיין און הערט זיך צו פאַרוואונדערט) לויט אייער שטאַנד, און לויט אייער וואונדערבאַרן פּאַלאַץ, און אייערע גרויסעביישטייערונגען צו דער קירך און אייער אָנזען אין קעניגלעכן הויף — קענט איר געהערן צו די נאָבעליקע, ווירדיקע דאָנאַ גראַציאַ . . . און איר האָט אונזער גוטע צושטימונג דערצו . . . בלויז הונדערט טויזנט דוקאַטן, — גאָלדענע דוקאַטן — דאַרף עס קאָסטן.

ד אָ ן מ י ק ע ז: אָ, דאָס הייסט ווערן אַ נאָבעליקער? נישט טייער!

מ ע ס י ע ב י ז אַ ר: יע, דאָס פאַרשרייבן אין גאָלדענעם בוך פון די נאָ־בעליקע! ניט יעדערן נעמען מיר אַריין, חשוב׳ער מעסיע מיקעז! אידן קענען ניט אַריינגענומען ווערן, פאַרשטענדלעך! נייקריסטן — אייניקע! לויטן איינזען פון די נאָבעליקע. עס איז אַ שטאַנד! כאַ, כאַ, כאַ! אַ שטאַנד!

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ: נאָבעליקער מעסיע ביזאַר! אַ נאָבעלער דאַרף מען גע־באָרן ווערן, ווי איך פאַרשטיי, עס איז אַ זאַך פון געבורט . . .

מ ע ס י ע ב י ז אַ ר: אַ, אַ, אַ, ריכטיק! ווען מען ווערט אַ נאָבעליקער — ווערט מען ווי ניי־געבאָרן! עס איז אַ שטאַנד! און אין דעם שטאַנד . . . איך מיין . . . איר דאַרפט פאַרשטיין . . . אַ העכערער שטאַנד!

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : איך פאַרשטיי אייך, נאָבעלער מעסיע ביזאַר, אַז מען פאַרשרייבט זיך אין גאָלדענעם בוך פון די נאָבעליקע, באַקומט מען דאָס רעכט צו זיין אַ נאָבעליקער!

מ ע ס י ע  ב י ז אַ ר : גאַנץ געווי, גאַנץ געווי, גאַנץ געווי! מיר האָבן זיך פאַרשטאַנען, חשוב׳ע דאָנאַ בריאַנדאַ!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : נאָבעלער מעסיע ביזאַר, יעדער פיש שווימט אַמבעסטן אין זיין טייך, און איך פיל זיך גוט מיט מיין פּשוט׳ן נאָמען מענדעס. איך דאַנק אייך פאַר אייער איינלאַדונג.

מ ע ס י ע  ב י ז אַ ר : איך פאַרשטיי . . . הונדערט טויזנט דוקאַטן . . . איך וועל זיך מיט אייך געזעגנען, חשוב׳ע מאַדאַם מענדעס . . . (פאַרנויגט זיך און לאָזט זיך צו דער טיר).

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : מיר וועלן נאָך שמועסן וועגן דעם, נאָבעלער מעסיע ביזאַר . . . (באַגלייט צו דער טיר) נעמט אין אַכט, אַז אייער אָנבאָט איז זייער אָנגעלייגט ביי מיר, און ביי מיין טאָכטער! (זי באַגלייט אים אַרויס).

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : אַזאַ שפלות פון מיין שוועסטער! אַזאַ געפאַלנקייט!

ד אָ ן  מ י ק ע ז : דער קייסער קאַרל האָט געוואָלט צוויי הונדערט טויזנט דוקאַטן אויף אַריינצונעמען אונז צווישן די אַראַגאָנס, און ער וויל הונדערט טויזנט דוקאַטן — דער חשבון איז אַ ריכטיקער . . . און אַ נאָבעלער!

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ  (קומט אַריין צוריק אויפגעבראַכט) : ווי וואַגסטו, גראַציאַ אָפּזאָגן זיך?

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ  (פאַרביסן) : פון אַזאַ יחוס . . .

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : גענוג מיט דיין יחוס! אָוועקגעשלעפּט אונז פון אַנטוועדפּן! אַריינגעצויגן אין אַ פּראָצעס מיט דער אינקוויזיציע! די פאַרמעגנס פאַרלאָרן אין בעלגיע! אַלץ צוליב דיין שגעון — די נשיא׳ס! איך וויל זיין גלייך מיט אַלע נאָבעליקע, זיין איינע פון זיי, לעבן ווי זיי! איך און מיין טאָכטער! מיר וועלן אַריין אין דעם אָרדן! איך און גרעטאַ!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : קיינמאָל וועט דער נאָמען נשיא ניט זיין אויפן צעטל פון שאַנד! זאָלן זיי בלייבן ביי זייער נאָבעלן שטאַנד, איך וויל ניט געהערן צו זיי . . . איך וויל זיי ניט זען אין מיין שטוב!

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ : דו האָסט אומגליקלעך געמאַכט רעינאַ׳ן — איז זי דיין טאָכטער! נאָר גרעטאַ׳ן וועל איך ניט לאָזן! איך וויל ניט זי זאָל האָבן אַזאַ גורל ווי מיינער! איך וועל זי אָפּגעבן אין אַ מאָנאַסטיר.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : בריאַנדאַ, באַדאַכט זיך! וואָס רעדסטו? דו פאַרגעסט ווער דו ביסט?

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ : איך בין גאָרנישט! איך בין שטויב אונטער דיינע פיס, גראַציאַ! דו גייסט איבער אַלע מיינע פאַרלאַנגען . . . דו, דו ביסט די אידישע פרינצעסין! און מיר זיינען דיינע אונטערטעניקע! אַזוי איז דאָס! און אַזוי ווילסטו עס זאָל זיין . . . איך בין מיד, גראַציאַ . . . איך בין קראַנק . . . שטענדיק אין צביעות, שטענדיק פאַרבאָרגן . . . איך קען ניט מער . . .

ד אָ ן מ י ק ע ז : עס איז ניטאָ קיין באַהעלטעניש, דאָנאַ בריאַנדאַ. זיי וועלן אייך געפינען ווען זיי וועלן אייך דערשטיקן . . .

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ : איך בין מיד! עס איז נישטאָ קיין גאָט צוליב וועלכן מען זאָל דאַרפן אַזוי פיל ליידן, (לאָזט זין גיין צו דער טיר וואו עס געפינט זיך גרעטאַ) איך און גרעטאַ . . .

ד אָ ן מ י ק ע ז (פאַרשטעלט איר דעם וועג) : דאָנאַ בריאַנדאַ, גרעטאַ איז ניט אונטער אייער אויפזיכט. אויף דעם איז דאָ די צוואה.

ד אָ נ אַ ב ר י אַ נ ד אַ : איך וועל זיך אָפטיילן פון אייך! איך וועל געפינען אַ פייער, וואָס וועט פאַרברענען דיעגאָ'ס צוואה! און זאָל דיך דיין גאָט באַשיצן, גראַציאַ! (זי גייט צו דער טיר).

אַ ז אַ ר (עפנט די טיר און קומט איר אַן אַנטקעגן. ער קלאַפּט מיטן שטעקן. זיין קאָפּ איז אויפגעהויבן, דאָס פּנים שמייכלט) : זיי האָבן אויגן און זיי זיינען בלינד. זיי האָבן אויערן און זיי זיינען טויב. זיי הערן ניט ווי די גרוב יאָגט זיך נאָך זיי.

ב ר י אַ נ ד אַ (וויל אים אויסמיידן, דערשראָקן) : אַה, אַה, ער קומט מיר אַנטקעגן... (באַמיט זיך דורכגיין, און מאַכט עטלעכע שפּאַן הינטערווייַלעכץ אויף צוריק) לאָזט מיך אַרויס . . . לאָזט מיך! . . .

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# דריטער אַקט

## ערשטע סצענע

דער דריטער אַקט קומט פאָר אין ווענעציע, אין פּאַלאַץ ביי די מענדעסעס. עס איז אין אָוונט. אין הויכע בראָנזענע געשטעלן ברענען קנויטן אין אויל־רערן. דאָן מאַרקאָ זיצט ביי אַ טיש און שרייבט. דאָנאַ גראַציאַ דיקטירט אים אַ בריוו.

דאָנאַ גראַציאַ: גרויסער הערשער, סולימאַן... איך פאַרענדיק דאָס שרייבן מיט אַ תפילה, אַז אונזער אַריבערפאָרן אין אייער מעכטיקער מדינה זאָל ברענגען וואויל און גוטס צו אייער לאַנד. צוויי הונדערט געניטע בעלי מלאכות — אייזנשמעלצער, שמיד־מייסטער און זייד־וועבער וועלן קומען מיט אונז. אייער חכמה און גרויסער חסד זאָלן לויכטן איבער די נייע איינוואַנדערער אויף דער ערד פון טערקיי.

רעינאַ (קומט אַריין אין צימער): מאַמאַ...

דאָנאַ גראַציאַ (מאַכט צו איר מיט דער האַנט זי זאָל אַוועקגיין): שפּעטער, רעינאַ, שפּעטער. דער שליח פון סולטאַן דאַרף אַוועקפאָרן, איך דאַרף ענדיקן דעם בריוו. (רעינאַ גייט אַוועק).

דאָן מאַרקאָ: וואָס נאָך וועט איר שרייבן צום סולטאַן, גנעדיקע דאָנאַ גראַציאַ?

דאָנאַ גראַציאַ (זאָגט איבער אויף שנעל די לעצטע ווערטער פון בריוו): אייער חכמה און חסד זאָלן לויכטן איבער די נייע איינוואַנדערער אויף דער ערד פון טערקיי און... לדורות וועט געלויבט זיין אייער גרויסער טאַט.

דאָן מאַרקאָ: דער סולטאַן איז פרום. עס איז כדאי, דאָנאַ גראַציאַ, צו־געבן, אַז עס וועט אויך זיין צום רום פון מאַכמעדאַנישן גלויבן.

דאָנאַ גראַציאַ: ניין. דער בריוו איז געענדיקט, דאָן מאַרקאָ. עס איז גלייכער נישט צו באַרירן קיין אמונה. מיר ווייסן ניט היינט, ווער עס וועט מאָרגן זיין אונזער פריינט און ווער אונזער שונא. לאָמיר היינט ניט לייגן קיין שטרויכלונג, וועלן מיר מאָרגן ניט פאַלן אויף איר. דער סולטאַן רופט אונז ניט צוליבן מאַכמעדאַנישן

גלויבן, ער רופט אונז צוליב אונזער געלט. (זי חתמ׳עט אונטער דעם בריוו. דאָן מאַרקאָ טראָגט אים אַוועק. ביי דער טיר שטעלט ער זיך אָפּ).

ד אָ ן  מ אַ ר ק אָ : איך בין אומרואיק וועגן דער שיף, וואָס איז פאַרהאַלטן געוואָרן אין מאַרסעי. אפשר זאָל איך שיקן אַ שטאַפּעט?

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : עס איז נאַכט. מיר וועלן וואַרטן ביז מאָרגן. עס קענען אָנקומען ידיעות. (דאָן מאַרקאָ גייט אַוועק).

(מען הערט פונדרויסן קלויסטער־גלאָקן קלינגען).

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (גייט צום פענצטער, הערט זיך צו אַ ווײַלע, פאַרציט די פאָרהאַנגען). וואָס פאַר אַ פינצטערניש. דאָס קלינגען מאַכט נאָך פינצטערער די נאַכט.

ר ע י נ אַ (קומט אַריין): מאַמאַ, איך וועל זיין מיט דיר אַביסל. זינט טאַנטע בריאַנדאַ איז אַוועק, האָב איך מורא צו שלאָפן. אַלע דריי נעכט בין איך געלעגן וואַך.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : מען דאַרף ניט מורא האָבן, רעינאַ, גאָט היט אונז.

ר ע י נ אַ : גרעטאַ האָט געוויינט, ווען זי איז אַרויס פון פּאַלאַץ, זי האָט מיר געזאָגט, אַז טאַנטע בריאַנדאַ נעמט זי צו אַ גאָטעסדינסט, אָבער דריי מעת־לעת — און זיי זיינען ניטאָ!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : טאַנטע בריאַנדאַ איז שוין איינמאָל געבליבן אויף אַ גאַנצער נאַכט אין מאָנאַסטיר און דערנאָך איז זי צוריקגעקומען. זי וועט דאָס מאָל אויך קומען צוריק.

ר ע י נ אַ : גרעטאַ האָט מיך פאַרן אַוועקגיין אַ קוש געטאָן. אירע אַ טרער איז געפאַלן אויף מיין האַנט. דו זעסט, מאַמאַ, אָט דאָ . . . איך האָב גרעטאַ׳ן מיטגעגעבן מיין קמע, עס זאָל איר גרינגער זיין. אַ פּחד ליגט אויף מיר.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : אין שווערע צייטן דאַרף מען דעם טרויער טרייבן פון זיך. מען דאַרף האָפן צו גאָט, ווייל ער קען אפילו פון אַ קאַלך־אויוון אַרויסנעמען. עס איז אַ זינד, ווען אַ מענש זאָרגט צופיל און איז אונטערגעוואָרפן פּחד. מיר וועלן שוין דאָ לאַנג ניט בלייבן, רעינאַ. מיר וועלן אַלע אַוועקפאָרן קיין טערקיי. דו און דאָן מיקעז, איר וועט חתונה האָבן . . . דאָרט וועסטו ניט מורא האָבן פאַר טאַנטע בריאַנדאַ, פון שרעק קומט דיר דער חשד אויף איר.

(עס גיט אַ קנאַל אַ דונער.)

ר ע י נ אַ (גיט אַ ציטער): ווי שטאַרק עס דונערט, מאַמאַ!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (נעמט די אַרום): דונערן זיינען פון גאָט. עס איז אַלץ מיט אַן אָרדענונג אויף דער וועלט, רעינאַ. גאָט האָט באַשאַפן די מילדע רעגנס און די דונערן מיט די בליצן. עס איז אַלץ אונטער זיין השגחה. דער דונער וועט ניט טרעפן, וועמען ער דאַרף ניט טרעפן, און דער בליץ איז גאָט'ס פייער, און ער וועט ניט ברענען ווער עס דאַרף ניט פאַרברענט ווערן.

ר ע י נ אַ: מאַמאַ . . . אַ סך פרומע מענטשן ווערן פאַרברענט פון דער אינקוויזיציע.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: דאָס איז דאָס פייער פון די רשעים, רעינאַ. מיט דער אינקוויזיציע דאַרף מען מלחמה האַלטן. די רשעים פאַרברענען די גערעכטע, ווייל עס וואַרגט זיי די גערעכטיקייט פון גאָט.

ד י נ ע ר  ב י י  ד ע ר  ט י ר: מען וויל אייך זען, גנעדיקע דאָנאַ. אידן . . .

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ. דער דינער גייט אַוועק רעינאַ מאַכט אַ באַוועגונג אויף אַוועקצוגיין): בלייב דאָ, רעינאַ. איך וויל דו זאָלסט זיי זען, און זיי זאָלן דיך קענען (רעינאַ בלייבט).

(עס קומען אַריין דריי אידן. זיי טראָגן געלע מיצלעך אויף די קעפּ. זיי בלייבן שטיין מיט גרויס דרך ארץ ביי דער טיר).

ע ר ש ט ע ר  א י ד: גנעדיקע דאָנאַ גראַציאַ, גרויסע האָפענונגען האָבן זיך דערוועקט ביי די אידן אין דער געטאָ. מיר האָבן געהערט, אַז בעלי מלאכות וועט איר מיטנעמען קיין טערקיי. די מענטשן באַלאַגערן דעם בית הקהל. אַלע ווילן פאָרן מיט אייך.

צ ו ו י י ט ע ר  א י ד: מען זאָגט, אַז אין טערקיי וועלן מיר ניט מוזן טראָגן די מיץ. (ער נעמט אַראָפּ די מיץ און בלייבט שטיין אין אַ יאַרמולקע. די אַנדערע אידן טוען דאָס זעלבע).

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: דער סולטאַן האָט צוגעזאָגט אַריינלאָזן צוויי הונדערט בעלי מלאכות מיט אונז. אפשר וועט גאָט העלפן און מיר וועלן ביי אים פּועל'ן מער.

ד ר י ט ע ר  א י ד (נעמט אַרויס אַ שער פון קעשענע): דאָס האָט געמאַכט מיין זון, גנעדיקע דאָנאַ גראַציאַ. ער איז דער בעסטער שמיד אין דער געטאָ . . .

ע ר ש ט ע ר  א י ד (גיט אַ שפרונג אויף אים מיט צאָרן): פאַר קהל ביסטו געקומען ריידן, ניט פאַר זיך! ווי איז דעם שליח, וואָס פאַרגעסט זיין שליחות . . .

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: כעס'ט זיך ניט, ר' שלמה. דער שליח אַליין איז אויך אַ איד, ניט אין פאַרבאָרגעניש האָט ער דאָס געטאָן, פאַר אייך אין די אויגן . . . נישטאָ קיין בייז אין דעם . . .

**ד ר י ט ע ר  א י ד:** (גיט פלוצלונג אַ כליפּע אַרויס) **מיין זון איז אַ געליטענער... אַ געשלאָגענער ביז בלוט . . . נמאס מיר געוואָרן דער ביטערער גלות . . .** (ער בויגט אַריין דעם קאָפּ אין די הענט און וויינט).

**צ ו ו י י ט ע ר  א י ד:** (דערקלערט, ווייזנדיק אויפן וויינענדיקן) **זיין זון האָט מען געכאַפּט אויסער דער געטאָ אָן דער געלער מיץ . . . האָט מען אים געשמיסן, קוים מיטן לעבן אַרויס . . .**

**ע ר ש ט ע ר  א י ד: נישט ער איז דער איינציקער . . .**

**ר ע י נ אַ** (קערט זיך אום מיטן פּנים צו דער וואַנט. די אַקסלען ציטערן ביי איר).

**ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: שיקט ניט מער צו מיר קיין שליחים. מען דאַרף מיר נישט דערמאָנען . . . איך געדענק אונזער נויט. זאָגט די אידן אין דער געטאָ, אַז איך וועל זוכן אַ מקום מקלט פאַר זיי. איך וועל קיין טאָג ניט פאַרזאַמען אָנצוזאָגן, ווען אַ בשורה וועט זיין. גאָט זאָל אונז אַלעמען געדענקען און אויסלייזן.** (זי באַגלייט זיי אַרויס, בלייבט שטיין אַ ווילע ביי דער טיר און רעדט צו זיך אַליין) **פאַר אַלעמען דאַרף מען זוכן אַ מקום מקלט . . . זיי זיינען אַלע צעבראָכענע און געשלאָגענע . . .** (דערזעט ווי רעינאַ ווישט זיך די אויגן) **רעינאַ! דו זאָלסט ניט וויינען, ווען עמיצער וויינט פאַר דיר.**

**ר ע י נ אַ: דאָס האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט, מאַמאַ.**

**ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: אויס רחמנות דאַרף מען האַלטן די אויגן טרוקן.**

**ר ע י נ אַ** (קוקט זי אָן)**: אויס רחמנות?**

**ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: יע, רעינאַ, יע. דער וויינענדיקער דאַרף זיך האָבן אויף וועמען אָנצולענען.** (הינטער די פענצטער דערהערט מען אַ טופּעריי פון פערד).

**ר ע י נ אַ** (דערפרייט זיך)**: עס איז דאָן מיקעז! איך דערקאָן זיין קאַטש. אין אַזאַ שטורעם איז ער געקומען!**

**ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: צוליב דיר איז ער געקומען, רעינאַ, — אַנדערש וואָלט ער אין אַזאַ שטורעם ניט געפאָרן.**

(עס קומט אַריין דאָן מיקעז).

**ר ע י נ אַ** (לויפט צו צו אים)**: יוסף, דו ביסט נאַס אינגאַנצן. קום צו צום פייער, וועסט זיך אָפּוואַרעמען.** (זי ווישט זיין פּנים מיט איר שאַל, און גייט מיט אים צוזאַמען צום קאַמין) **דו האָסט ניט באַדאַרפט פאָרן אין אַזאַ שטורעם, יוסף.**

ד אָ ן  מ י ק ע ז : איך האָב געוואָלט זיין דאָ היינט מיט אייך.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : מיט אונז? ביי אונז איז גאָט צו דאַנקען אַלץ בשלום. איך האָב אָפּגעשיקט דעם בריוו צום סולטאַן און אַלץ איז גרייט צו אונזער אַוועקפאָרן.

ד אָ ן  מ י ק ע ז : דאָנאַ גראַציאַ, בריאַנדאַ איז ביי די באַנעס אין מאָנאַסטיר.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : וואָס איז די שרעק? זי וועט צוריקקומען. מיר וועלן אונזער אַוועקפאָרן ניט אָפּלייגן מער. מיר וועלן נאָר קלאָר מאַכן, פאַרוואָס מען האָט פאַרהאַלטן די שיף אין מאַרסעי.

ד אָ ן  מ י ק ע ז : דאָנאַ גראַציאַ, בריאַנדאַ וועט דאָס מאָל ניט קומען צוריק פון מאָנאַסטיר.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : וואָס פאַר אַ מאָדנע השערה . . . פאַרוואָס איז אייך געקומען אַזאַ . . . אַזאַ . . . אומגלויבלעכער געדאַנק אויפן זינען?

ד אָ ן  מ י ק ע ז : בריאַנדאַ האָט זיך פאַרשריבן אין בוך פון די „נאָבעליקע", אין בוך פון „גאָלדענעם האָרן". זי האָט זיך פאַרשריבן און גרעטאַ'ן. געהיים האָט זי דאָס געטאָן.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : פונוואַנען ווייסט איר, דאָן מיקעז?

ד אָ ן  מ י ק ע ז : שמואל האָט געקראָגן די ידיעה פאַר צוויי הונדערט דוקאַטן.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : זי האָט ניט געקענט ביישטיין דעם קליינעם נסיון, מיין שוועסטער . . . צוויי יאָר האָב איך זי אָפּגעהאַלטן פון דעם . . . און זי האָט מיר צוגעזאָגט, אַז זי וועט עס ניט טאָן . . . אונזער נאָמען פאַרשריבן אין בוך פון חרפה מיט די שונאי ישראל . . .

ד אָ ן  מ י ק ע ז : עס איז עפּעס מער, דאָנאַ גראַציאַ! בריאַנדאַ האָט געבראָכן דעם צאַם און איצט ווייסן מיר ניט, ווי ווייט זי קען גיין, און וואָס זי קען נאָך טאָן!

ר ע י נ אַ : מיין האַרץ האָט געציטערט די אַלע דריי מעת־לעת זינט זי איז אַוועק.

ד אָ ן  מ י ק ע ז : בריאַנדאַ האָט זיך אָפּגעבראָכן פון אונז. זי וועט איצט זוכן פאַרבינדעטע, און ווער ווייס, ווער די פאַרבינטעדע אירע קענען זיין!

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן? איר זיינט זי חושד . . . איר שטעלט זיך פאָר, אַז בריאַנדאַ קען . . . זי וועט מיר שלעכטס טאָן?

ד אָ ן  מ י ק ע ז : איך ווייס ניט! ווער עס פאַלט אַראָפּ פון זיין הויך קען פאַלן סאַמע אַרונטער! אינמיטן פאַרהאַלט מען זיך בלויז דורך אַ נס, און קיין נסים טרעפן ניט מיט פאַרנעטער!

ר ע י נ אַ: יוסף איז גערעכט! ווער ווייס, וואָס זי קען טאָן. גרעטאַ האָט אַזוי ביטער געוויינט פאַרן אַוועקגאַנג.

דאָנאַ גראַציאַ: ניין, איך קען בריאַנדאַן! זי איז קראַנק, זי איז דערשיטערט פון די רדיפות... נאָר זי וועט ניט ברענגען קיין אומגליק אויף אונזער משפחה.

דאָן מיקעז: אַ פלעק האָט זי שוין געבראַכט! ווי ווייט איז דאָס פון פאַרראַט? פון מסירה? דאָנאַ גראַציאַ, איך בין געקומען מיט אַ וואָך. מיין עצה איז איר זאָלט ניט נעכטיקן די נאַכט אין פּאַלאַץ.

דאָנאַ גראַציאַ: איך גלויב ניט אויף מיין שוועסטער! זי איז אַ בענווע־ניסטאַ. ביי די בענוועניסטאָס אין דער משפחה זיינען קיינמאָל קיין פאַררעטער ניט געווען.

דאָן מיקעז: עס טרעפט, דאָנאַ גראַציאַ, אַז צווישן אידן זיינען דאָ פאַר־רעטער, און וואָס עס קען פּאַסירן ביי אַנדערע אידן, קען זיך פּארלויפן ביי די נשיא׳ס אויך. אגב איז בריאַנדאַ אַוועק פון פּאַלאַץ גראַד איידער עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אונזער שיף איז פאַרהאַלטן געוואָרן אין מאַרסעי.

דאָנאַ גראַציאַ: דאָס קען זיין אַ צופעליגקייט.

דאָן מיקעז: ווי לאַנג איז, אַז בריאַנדאַ האָט צום ערשטן מאָל גענעכטיקט אין מאָנאַסטיר?

ר ע י נ אַ: שוין אַ וואָכן צען. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען מען האָט געזייט די בלומען אין גאָרטן.

דאָן מיקעז: גענוג צייט, אַז אַ רייטער זאָל קענען גרייכן פון ווענעציא קיין פּאַריז און פון דאָרטן קיין מאַרסעי. זי האָט דעמאָלט געשיקט דעם רייטער פון מסירה און איצט האָט מען פאַרהאַלטן די שיף.

דאָנאַ גראַציאַ: דער חשבון קען אויך זיין אַ צופעליקייט.

דאָן מיקעז: צוויי צופעליקייטן זיינען גענוג פאַר אַ חשד. עס איז נישט כדאי איינצושטעלן, דאָנאַ גראַציאַ! איר דאַרפט אַוועקגיין פון פּאַלאַץ.

דאָנאַ גראַציאַ: אַנטלויפן? ווי וועל איך קענען זיין דערנאָך מיט בריאַנדאַ׳ן אונטער איין דאַך נאָך אַזאַ פינצטערן חשד? דאָס וועט הייסן אַז איך בין איינגעגאַנגען אין דער מחשבה אויף אַ מסור אין אונזער משפחה! דאָס וועט הייסן, אַז איך האָב די ערשטע געבראָכן דעם צאָם! ניין... גאָט וועט מיך אויסהיטן פון סכנה, און ער וועט אויסהיטן בריאַנדאַ׳ן פון אַזאַ חטא. גאָט וועט אונז אַלעמען אויסהיטן. און וואָס

וועט העלפן מיין אַנטלויפן, דאָן מיקעז? בריאַנדאַ ווייס אַלע אונזערע פאַרבאָרגענישן, אַלע אונזערע פריינט, אַלע אונזערע פאַרבינדונגען! מען וועט מיך סיי־ווי כאַפּן... ווי אַ מויז אין אַ נאָרע וואָלט מען מיך גענומען. גאָט וועט מיך אויסהיטן. ער איז מיין באַשיצער, ער וועט מיך ניט פאַרלאָזן.

דאָן מיקעז: זאָל איך אָפּשיקן די וואַך?

דאָנאַ גראַציאַ (שווייגט אַ ווײַלע, איבערטראַכטנדיק): פאָרט אַוועק, איר מיט דער וואַך.

(מען הערט אַ געררויש פון עפענען דעם טויער. אַלע בלייבן שטיין שטיל אין אנגעשטרענגטער דערוואַרטונג. הינטער די פענצטער גיט אַ בלאנק דורך אַ שטורקאַץ. זיי גייען אַלע צו צום פענצטער, הערן זיך צו צום גערויש).

פּעדראָ (באַווייזט זיך אין טיר): אַ שטאַפעט פון דער גנעדיקער דאָנאַ בריאַנדאַ האָט געבראַכט אַ בריוו. (ער דערלאַנגט דעם בריוו. גייט אַוועק).

דאָנאַ גראַציאַ (לייענט דעם בריוו): זי איז קראַנק, בריאַנדאַ, דערפאַר איז זי פאַרבליבן אין מאָנאַסטיר די דריי טעג. זי פילט זיך שוואַך. זי בעט איך זאָל מאָרגן קומען אין מאָנאַסטיר זי אָפּנעמען... גאָט צו דאַנקען, וואָס דער בריוו איז אָנגעקומען... גוט... גאָט צו דאַנקען.

דאָן מיקעז: (נעמט ביי איר דעם בריוו און לייענט דורך שטיל פאַר זיך).

דאָנאַ גראַציאַ: איר קענט איצט פאָרן אַהיים רואיק, דאָן מיקעז.

דאָן מיקעז (האַלטנדיק דעם בריוו אין האַנט): דער טייוול האָט צען קעפּ דאָנאַ גראַציאַ, און יעדער קאָפּ האָט אַ באַזונדערע טייוולאָגישע חכמה. דער בריוו איז נאָך פאַר מיר ניט קיין באַווייז, אַז איר זייט ניט אין סכנה.

דאָנאַ גראַציאַ: ניין, דאָס איז אוממעגלעך. איך וועל מאָרגן בריאַנדאַ'ן אָפּנעמען פון מאָנאַסטיר און קיין זאַך וועט ניט צעשטערן אונזער אָפּפאָרן קיין טערקיי, מיט גאָט'ס הילף.

(דאָן מיקעז גייט אַוועק).

דאָנאַ גראַציאַ: גיי שלאָפן, רעינאַ. עס איז שפּעט.

רעינאַ: עס קלאַפּט מיר אַזוי דאָס האַרץ, מאַמאַ.

דאָנאַ גראַציאַ: זאָג אַ תפילה צו גאָט וועסטו איינשלאָפן רואיק, מיין קינד.

רעינאַ: איך וועל נאָך בלייבן אַביסל מיט דיר, מאַמאַ. איך וואָלט געוואָלט עס זאָל שוין זיין טאָג. איך וועל ניט קענען שלאָפן די נאַכט, מאַמאַ.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : עס איז זיך ניטאָ וואָס צו שרעקן, רעינאַ. בריאַנדאַ און איך — צוויי שוועסטערלעך זיינען מיר געווען — זיך צוזאַמען געהאָדעוועט. איינמאָל, געדענק איך, ווען מיר זיינען נאָך געווען קליינע, האָט מיך אַ הונט אַ ביס געטאָן אין פוס. בריאַנדאַ האָט דעמאָלט אַזוי ביטער געוויינט, ווען זי האָט דערזען בלוט אויף מיין פוס . . . ביז היינט געדענק איך איר געוויין. גיי, רעינאַ, שלאָפן. עס איז שפּעט. דו ביסט מיד.

ר ע י נ אַ : אַ גוטע נאַכט, מאַמאַ. (זי גייט אַוועק).

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (גייט זיך דורך איבערן שטוב. בלייבט שטיין ווי זי זאָל זיך עפּעס דערמאָנען. גייט צו צו אַ שאַפּקע און נעמט פון דאָרט אַרויס אַ בוך אין ביינערנע טאָוולען. מישט אויף און לייענט דייטלעך וואָרט ביי וואָרט) : און הבל איז געווען אַ פּאַסטוך, און קין האָט באַאַרבעט די ערד. איז געווען אין סוף פון די טעג, האָט קין געבראַכט פון די פּרוכט פון דער ערד אַ מתנה צו גאָט, און הבל האָט געבראַכט די פעטע פון זיינע שעפּסן. האָט זיך גאָט געקערט צו הבל׳ס מתנה און צו קין׳ס האָט ער זיך ניט געקערט. האָט עס פאַרדראָסן קין׳ען און זיין פּנים איז איינגעפאַלן — — — (לייענט שטיל עטלעכע שורות, די לעצטע ווערטער לייענט זי דורך מיט שרעק) איז קין אויפגעשטאַנען אויף זיין ברודער הבל און האָט אים גע׳הרג׳עט.

פּ ע ד ר אַ (אין טיר) : גנעדיקע דאָנאַ גראַציאַ . . . באַראָן דע רען איז געקומען !

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (פאַרמאַכט האַסטיק דעם בוך. גייט באַגעגענען באַראָן דע רען. באַגעגנט אים אין טיר) : באַראָן !

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן : מאַדאַם מענדעס . . . איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב אייך געטראָפן אין פּאַלאַץ . . . איך בין גליקלעך.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : נו, איך וועל דאָך ניט גיין שפּאַצירן אין אַזאַ רעגן !

ב אַ ר אָ ן  ד ע  ר ע ן : ניין, נישט וועגן רעגן . . . איך מיין . . .

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : איר זעט אויס מיד, באַראָן. זעצט זיך. פונוואַנען קומט איר ? אַזוי פּלוצלונג ווי פון שטורעם אַרויסגעפאַלן!

ב אַ ר אָ ן : יע, ריכטיק ! איך קום פון פראַנקרייך ! איך בין אייך געקומען זאָגן, אַז איך צווייפל, איך צווייפל נאָך מער ! . . . אויב עס איז פאַראַן אַ העכערער וועזן ! מאַדאַם מענדעס, גאָט קען ניט האָבן אַזאַ אויסזען . . . גאָט ? ניין . . .

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (גיט אַ לאַך) : אַך, באַראָן ! צוליב דעם זיינט איר געקומען ביינאַכט ? איר וואָלט עס מיר געקענט זאָגן מאָרגן ,וואָלט עס אויך געווען אַ גרויסע אפּיקורסות.

**באַראָן: ניין, מאַדאַם מענדעס! מאָדנע קלאַנגען גייען אַרום וועגן אייך אין פראַנקרייך. מען האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס הייליקע געריכט פאַרנעמט זיך מיט אייך...**

**דאָנאַ גראַציאַ** (מאַכט אַ טריט אויף צוריק): **די שיף אין מאַרסעי... מיין שוועסטער בריאַנדאַ...**

**באַראָן דע רען: מאַדאַם מענדעס! איך בין געפאָרן אָן אַפּרו. איך האָב אייך אַמאָל געגעבן די שליסלען פון מיין פּאַלאַץ... עס איז אַן אַלטע ירושה. איך וואוין דאָרט קיינמאָל ניט. איך וועל אייך אַוועקפירן אַהין. איך וויל ניט זען אייערע הענט אין קייטן. איך האָב מורא צו טראַכטן וועגן דעם, מאַדאַם מענדעס... קיינעם וועט ניט איינפאַלן אַז איר זייט דאָרט. קיינער ווייס ניט וועגן דעם פּאַלאַץ.**

**דאָנאַ גראַציאַ: בריאַנדאַ ווייס.**

**באַראָן** (איבערראַשט): **דאָנאַ בריאַנדאַ! אייער שוועסטער...**

**דאָנאַ גראַציאַ: ניטאָ קיין באַהעלטעניש פאַר מיר, נאָר גאָט וועט מיך באַהאַלטן מיט זיין חסד. באַראָן... טייערער...** (זי גיט אים אַ גלעט איבערן פּנים) און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט... (אין די פענצטער באַווייזן זיך שטורקאַצן).

**באַראָן דע רען** (אין שרעק): **מאַדאַם מענדעס!**

**דאָנאַ גראַציאַ: גייט, באַראָן. איר וועט אַרויסגיין צום קוואַל.** (זי עפנט אַ געהיימע טיר. דער באַראָן גייט אַוועק).

(מען הערט אַ קלאַפּעריי אין די טירן, אין די פענצטער).

**אויסגעשריען: אין נאָמען פון דער הייליקער אינקוויזיציע!** (דורך די פענצטער און די טירן קומען אַריין געשטאַלטן אין שפּיציקע היטלען. דורך אַ טיר קומט אַריין בריאַנדאַ איבערגעדעקט דעם קאָפּ מיט אַ טוך. זי רירט זיך ניט פון אָרט).

**דאָנאַ גראַציאַ** (מאַכט צו איר אַ טראָט, דערקענענדיק זי): **בריאַנדאַ! זיי האָבן מיטגעשלעפּט דעם שרץ! דעק אָפּ דאָס פּנים, בריאַנדאַ, אויב דו ביסט גערעכט!**

**בריאַנדאַ** (דעקט אָפּ דאָס פּנים): **איך וויל זען, ווי דיין גאָט וועט דיך באַשיצן!**

**דאָנאַ גראַציאַ: דו וועסט זיך וואַלגערן אין שטויב פאַר דעם, וואָס דו לעסטערסט איצט זיין נאָמען!**

(בריאַנדאַ גיט אַ קרעכץ און הויבט זיך אָן וואַקלען. דאָנאַ גראַציאַ ווערט אַרומגערינגלט און מען פירט זי אַרויס).

*[ פאָרהאַנג ]*

# דריטער אַקט

## צווייטע סצענע

די סצענע קומט פאָר אין פּאַלאַץ פון די מענדעסעס אין פּעראַראַ. מען גרייט זיך אויפנעמען דעם הערצאָג.

**פּעדרא** (באַטראַכט דעם טעפּיך): **דו זעסט, איזאַבעלאַ? דו זעסט צי דו זעסט נישט?**

**איזאַבעלאַ: איך זע! עס איז אַלץ אין אָרדענונג!**

**פּעדרא: דו האָסט געמעגט האָבן אין זינען, אַז איבער דעם טעפּיך דאַרף טרעטן דער הערצאָג פון פּעראַראַ! און דער טעפּיך ליגט קרום! דו דאַרפסט האָבן אין זינען, איזאַבעלאַ, אַז די אַרבעט אין פּאַלאַץ דאַרף געטאָן ווערן מיט דרך ארץ! דער הערצאָג פון פּעראַראַ, איז דער הערצאָג פון פּעראַראַ!**

**איזאַבעלאַ: מאַך ניט אַזאַ פּאַראַד, פּעדרא! דער הערצאָג פאַרמאָגט ניט אין זיין גאַנצן הערצאָגטום, וואָס ביי אונזער גנעדיקער דאָנאַ ליגט אין איין קעשענע!**

**פּעדרא** (שטרענג): **גענוג דיר צו ריידן מיר אַנטקעגן! אַז דו ביסט מיין ווייב, דאַרפסטו זיך צוהערן צו מיינע רייד! גיי באַלד הייס מען זאָל אויסגלייכן דעם טעפּיך! און עס איז ניט דיין עסק מיר צו דערציילן ווער עס איז רייכער און ווער עס איז ניט רייכער! אַ ווייב דאַרף פּאָלגן!** (ער גייט אַוועק פאַררייסן ביי זיך).

**איזאַבעלאַ** (גייט נאָך אים): **אפילו די גנעדיקע דאָנאַ האָט צו מיר קיינמאָל אַזוי ניט גערעדט. אַ ווייב דאַרף פּאָלגן . . .** (זי קערט זיך אום, פאַרריכט דעם טעפּיך גייט אַוועק).

(אויף דער טעראַסע קומען אַרויף די דריי שליחים פון די קהילות, זיי נעמען אַראָפּ די געלע אידן־מיצלעך פון די קעפּ און לייגן זיי אַוועק אויף אַ באַנק. זיי באַטראַכטן דעם פּאַלאַץ. גיבן אַ טאַפּ די שיינע געשניצטע זומער־שטולן.)

**ערשטער איד** (קוקט אויף דער פאָן): **די פאָן איז אַ יידענע, האַ?** (ענטפערט זיך אַליין) **ריינער זייד די פאָן.**

**צווייטער איד: דאָס איז די פאָן פון פּעראַראַ! מען וואַרט, זעט אויס, אויף געהויבענע געסט! אַז גאָט האָט שוין געהאָלפן, און דער סולטאַן האָט אַרויסגע־**

נומען דאָנאַ גראַציאַ פון דער אינקוויזיציע — צוליב וואָס זיצט זי דאָ אין פעראַראַ? מען האָט אויפגערודערט די אידן מיט פאַלשע האָפנונגען . . . איר הערט, ר׳ שלמה?

ר׳ שלמה (שטייט און שאָקלט זיך מיט פאַרמאַכטע אויגן, גיט זיך אַ כאַפּ) האַ?

צווייטער איד: מיט פאַלשע האָפענונגען, זאָג איך, — אָט פירט מען זיי קיין טערקיי און אָט ברענגט מען זיי קיין טערקיי — און ווען וועט שוין קומען די ישועה? וואָס זאָגט איר, ר שלמה?

ר׳ שלמה: צוליב דעם זיינען מיר דאָך אַהער געקומען — וועלן מיר הערן.

ערשטער איד: און ווען, רבונו של עולם, וועלן מיר שוין פטור ווערן פון גלות?

צווייטער איד: איר זאָלט איר זאָגן, רב שלמה, אַז עס איז פינצטער אין די געטאָס, עס איז שלעכט אין רוים און עס איז ביטער אין מאַנטוא! איר זאָלט איר זאָגן . . .

ר׳ שלמה (שלאָגט אים איבער): איר זאָלט איר זאָגן . . . איר זאָלט איר זאָגן . . . מסתם קען מען נאָך ניט פאָרן. דאָנאַ גראַציאַ האָט דאָך אָנגעזאָגט, אַז מען מאַכט די איבערזעצונג פון חומש פעראַראַ — אפשר איז דאָס מעכב.

צווייטער איד: מען פאָרט ניט, ווייל מען אײלט זיך ניט! עס איז זיי דאָ ניט שלעכט אין פעראַראַ! דער הערצאָג הערקולאַ איז גוט צו זיי, האָט מען דערווייל פאַרגעסן וועגן די אידן אין איטאַליע. איר זאָלט איר זאָגן! איר זאָלט איר זאָגן, ר׳ שלמה, אַז די אידן זיינען מרי נפש, פאַרביטערטע געמיטער, זיי באַלאַגערן דעם בית הקהל, און פאַרפירן זיי מיט פאַלשע האָפענונגען איז אַן עבירה!

ר׳ שלמה: שאַ, טע! זיך צערעדט! אַן עבירה גאָר! דו האָסט פאַרגעסן, וואו דו ביסט! אַן עבירה גאָר!

ערשטער איד: און ווען, רבונו של עולם, וועלן מיר שוין פטור ווערן פון גלות!

צווייטער איד: איר זאָלט איר זאָגן, ר׳ שלמה! . . . (רייסט איבער).
(עס קומט אַריין דאָנאַ גראַציאַ.)

דאָנאַ גראַציאַ: שלום עליכם, אידן.

ר׳ שלמה (מאַכט אַ פּאָר טריט צו איר): געלויבט זאָל זיין גאָט, וואָס האָט אייך מציל געווען פון די הענט פון די רשעים, און וואָס מיר זיינען זוכה געווען אייך צו זען בשלום. גומל האָבן מיר געבענטשט אויף אייך, גנעדיקע דאָנאַ גראַציאַ.

ד אָ נ אַ   ג ר אַ צ י אַ : גאָט זאָל אויסלייזן אַלע אידן, מיר זאָלן ניט דאַרפן מער בענטשן גומל אויף יעדן יחיד, וואָס ווערט ניצול.

ד י   א י ד ן   צ ו ז אַ מ ע ן : הלוואי.

ד אָ נ אַ   ג ר אַ צ י אַ : וואָס איז אייער באַגער, אידן?

ר׳ ש ל מ ה : גנעדיקע דאָנאַ גראַציאַ! די פינף הונדערט נפשות, וואָס איר האָט צוגעזאָגט מיטנעמען קיין טערקיי, זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין ספקות . . . זיי האָבן אָפּגעלייגט זייערע הענט פון מלאכה און זיי גייען אַרום, ווי אויפן עולם התהו, חלילה...

ד אָ נ אַ   ג ר אַ צ י אַ (רייסט אים איבער מיט אַ שאָקל פון קאָפּ): איך האָב אייך אָנגעזאָגט דורך אַ שליח, אַז מיר זעצן איבער דעם חומש אין פעראַראַ. עס איז אַ שעת הכושר איצט. דער הערצאָג הערקולא האָט געגעבן אַ דערלויבעניש. און דער גרויסער חכם ר׳ אברהם אושקי אַרבעט יומם ולילה.

ר׳ ש ל מ ה (ווי אַ מגיד): אַ גרויסע מצווה! און אַ דבר חשוב, ווייל עס איז שוין פאַרגעסן געוואָרן די תורה ביי די אנוסים . . .

צ ו ו י י ט ע ר   א י ד (נעמט זיך אָן מיט מוט און גיט אַ רוק ר׳ שלמהין): עס איז ביטער אין די געטאָס, גנעדיקע דאָנאַ גראַציאַ! דאָס רשעות און סכנות לויערן בכל עת, בכל שעה. זאָג איך — אַ פּשוטער איד: מען דאַרף דוחה זיין די איבער־זעצונג פון דער תורה, ווייל קודם כל איז דאָס לעבעדיקע נפש.

ד אָ נ אַ   ג ר אַ צ י אַ (קוקט אים אַ ווײַלע אָן מיט פייערדיקע אויגן): טא שמד׳ט זיך אויס, אויב איר ווייסט, וואָס עס איז קודם! און זייט ניט קיין אידן! און ווערט ניט קיין אנוסים!

ד י   א י ד ן (צוזאַמען, יעדערער אויף זיין אופן): חלילה! מיר ווילן זיך בעסער וואַרפן אין ים אַריין. (זיי רוקן זיך אָפּ פון איר מיט פאַרלאַרנקייט און שרעק).

ד אָ נ אַ   ג ר אַ צ י אַ (בלייבט אַליין איבערראַשט פון איר צאַרנדיקן אויסברוך): צו וואָס קומט איר מיך מאַטערן און איילן? אַלע יאָר ווערן פאַרברענט אונזערע ספרים — וואָס ווילן דען אונזערע שונאים אויב נישט אויסלעשן אונזער ליכט? ווי קען מען דוחה זיין די איבערזעצונג פון דער תורה? ווי מעג מען דוחה זיין? ווי מעג מען דוחה זיין? מן השמים איז דאָך געווען, וואָס דער הערצאָג האָט דערלויבט דרוקן אין פעראַראַ דעם ספר! ווי קענען מיר דוחה זיין?

(אין טיר באַווייזט זיך איזאַבעלאַ).

א י ז אַ ב ע ל אַ : גנעדיקע דאָנאַ, איר האָט מיר געהייסן קוקן אויפן זייגער און אייך דערמאָנען, ווען איר דאַרפט זיך איבערטאָן אויף באַגעגענען דעם הערצאָג.

(אין אַ פענצטער באַווייזט זיך גרעטאַ).

**ד אָ נ אַ   ג ר אַ צ י אַ** (צו די אידן): **דאָן מאַרקאָ וועט מיט אייך איבערשמועסן וועגן דעם אופן פון פאָרן.**

**צ ו ו י ט ע ר   א י ד** (גיט זיך אַ צאַפּל אויף): **אָבער ווען? ווען, גנעדיקע דאָנאַ?**

**ד אָ נ אַ   ג ר אַ צ י אַ: עס וועט אם ירצה השם זיין בקרוב.** (גייט אַוועק מיט איזאַבעלאַן. די אידן גייען אַוועק צו דאָן מאַרקאָ. עס קומט אַרויף פעדרא).

**פ ע ד ר אָ:** (באַטראַכט דעם טעפּיך צי ער ליגט גלייך, באַטראַכט פון איין זייט און פון דער צווייטער זייט): **אויסגעגלייכט! אַ מאַן פאָלגט מען! אַלע ווייבער זיינען ווי חוה אין גן עדן. טאָן טוען זיי קרום. אויסלערנען קען מען זיי ניט, סיידן דער רבונו של עולם זאָל זיך אַריינמישן!** אָבער אַ מאַן פאָלגט מען! (גייט אַוועק. עס קומט אים אַן אַנטקעגן רעינאַ. זי איז אָנגעטאָן אין אַ בלוי סאַמעט קלייד מיט אַ דיאַדעם אויפן קאָפּ).

**ר ע י נ אַ: פעדרא, איך וויל זען גרעטאַן.**

**ג ר ע ט אַ** (פון פענצטער): **דאָ בין איך, רעינאַ. צו וואָס דאַרפסטו מיך?**

**ר ע י נ אַ** (שטאַרק אויפגעלייגט): **גרעטאַ! גרעטאַ!** (רופט זי, זי זאָל אַרויס־קומען. גרעטאַ גייט אַוועק פון פענצטער. רעינא פאַרריכט זיך די דיאַדעם אויפן קאָפּ. גלייכט אויס די בראַסלעטן אויף די הענט. פאַרריכט די פערל. עס קומט אַרויס גרעטאַ).

**ר ע י נ אַ: גרעטאַ! דו ביסט נאָך ניט אָנגעטאָן?**

**ג ר ע ט אַ:** (שוויגט, קוקט אַן רעינאַ'ן מיט פאָרוואורף).

**ר ע י נ אַ: גרעטאַ! געפעלט דיר מיין דיאַדעם? דאָס האָט מיר יוסף געשיקט פון טערקיי אין דעם טאָג ווען ער איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ בעל יועץביים סולטאַן.** (גיט זיך אַ פאָר מאָל אַ דריי, שטאַרק גליקלעך) **און וואָס וועסטו אָנטאָן, גרעטאַ?**

**ג ר ע ט אַ** (שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. רעינאַ דערפילט עפּעס ערנסטעס. זי בלייבט שטיין און קוקט אַן גרעטאַ'ן): **איך וויל דיר אפּגעבן די קמעה, רעינאַ.** (דערלאנגט איר די קמעה).

**ר ע י נ אַ** (געפּלעפּט): **פאַרוואָס... פאַרוואָס גיסטו מיר די קמעה פון דער עקדה? עס שטייט פאַר מיר אַ סכנה, חלילה! גרעטאַ?**

**ג ר ע ט אַ: יע, אַ גרויסע סכנה! דו און דיין מאַמע גראַציא, איר ווערט אויפגע־פרעסן פון גאווה! פאַרוואָס וויל טאַנטע גראַציאַ ניט מוחל זיין מיין מאַמע? ניט איבערבעטן זיך מיט איר? איך פאַרוויסטעניש וויל זי איר איבערלאָזן דאָס גאַנצע לעבן!**

מיין מאַמע האָט געגוג געליטן פון דערנידעריקונג אין דער משפּחה, און פון דער אינ־קוויזיציע! דו, רעינאַ, דו דאַרפסט זען, אַז דאָנאַ גראַציאַ זאָל אויפגעבן איר עקשנות, דו דאַרפסט איר דערמאָנען, אַז עקשנות איז אַ זינד, און גאָט וועט זי ניט מוחל זיין פאַר די פּייניקונגען פון מיין מאַמע.

ר ע י נ אַ : איך קען דאָס ניט טאָן, גרעטאַ! איך געדענק נאָך די אימהדיגע נאַכט, ווען דיין מאַמע האָט געמאַכט אַ בונד מיט די שונאים און געבראַכט די אינקווי־זיציע צו אונז אין הויז! וואָס פאַר אַ אימה׳דיקע נאַכט דאָס איז געווען!

ג ר ע ט אַ : דו ביסט קיינמאָל ניט געווען דערנידעריקט, רעינאַ, און דו ווייסט ניט די פאַרביטערטקייט פון אַ דערנידעריקטן!

ר ע י נ אַ : פאַרוואָס קומסטו צו מיר? זאָל דיין מאַן, שמואל, ריידן מיט דער מאַמאַ! די מאַמאַ האָט אים ליב, זי געדענקט זיינע שליחותן ווי אַ פאַרשטעלטער מאַנאָך. די מאַמע וועט זיך צו אים צוהערן.

ג ר ע ט אַ (הויבט אָן וויינען): שמואל איז אַ קנאי, אַזוי ווי טאַנטע גראַציאַ, שמואל קען טאָן מצוות, אָבער ער ווייסט ניט ווי צו מוחל זיין אַ מענטשן זיינע זינד. (פאַרביטערט) מיין מאַן און טאַנטע גראַציאַ — זיי זיינען די פרומע אייזלען פון גאָט, וואָס האָבן קיינמאָל גאָט ניט געזען!

ר ע י נ אַ (אויפגעבראַכט): שווייג! ווי רעדסטו וועגן טאַנטע גראַציאַ, גרעטאַ?

ג ר ע ט אַ : דיין מאַמע איז נישט קיין מלאך, וואָס מען טאָר ניט אורטיילן אירע וועגן!

ר ע י נ אַ : איר וואָלט פאַרפוילט געוואָרן אין דער אינקוויזיציע, דו און טאַנטע בריאַנדאַ, ווען די מאַמע זאָל אייך ניט אַרויסנעמען! געגוג רחמים האָט זי געהאַט צו אַ שוועסטער אַ מסור! די מאַמע איז גערעכט, וואָס זי וויל זי ניט זען!

ג ר ע ט אַ : עס זיינען ניטאָ קיין מענטשן אָן זינד, רעינאַ. טאַנטע גראַציאַ איז אויך ניט ריין פון זינד! זי שמועסט אייין די פינף הונדערט משפּחות, אַז זי וואַרט דאָ אויף דער פאַרענדיקונג פון חומש פעראַראַ! זי וויל ניט אַוועקפאָרן פון אייראָפּע, ווייל, ווייל . . . דאָ איז באַראָן דע רען. זי האָט אים היינט אַ גאַנצן פרימאָרגן געשריבן אַ בריוו.

ר ע י נ אַ : גיי אַוועק! איך וועל דיך שלאָגן! (זי וואַרפט זיך אויף איר).

(עס קומט אַרויס דאָנאַ גראַציאַ, איבערגעטאָן, מיט אַ דיאַדעם אויפן קאָפּ).

דאַנאַ גראַציאַ: קינדער! יורשטעס פון די נשיא׳ס! דראַפּען איינע די אַנדערע די אויגן אויס? (רעינאַ און גרעטאַ בלייבן שטיין אָפּגעקילט. אַ ווײַלע איז שטיל. גרעטאַ קומט צו זיך).

גרעטאַ (מאַיעסטעטיש, ווי אַ נשיא): וועגן זיך האָט איר דאָס געזאָגט, גנעדיקע טאַנטע גראַציאַ! איר ווילט מיין מאַמען דערוואַלגערן אין שטויב ביזן סוף פון אירע טעג! איר קענט ניט קומען צו קיין מחילה, ווייל איר זיינט צו שוואַך אויף בייקומען אייער שנאה.

דאַנאַ גראַציאַ: דו ביסט צו יונג, גרעטאַ, אויף משפט׳ן. מיר וועלן האָבן אַ פאַמיליע באַראַטונג אין טערקיי. איצט טו זיך אָן. מיר דאַרפן היינט באַדאַנקען דעם הערצאָג פאַר זיין דערלויבעניש אויפן חומש פעראַראַ. דיינע קליידער און צירונג זיינען אָנגעגרייט.

גרעטאַ: פינצטערע געמיטער צירן זיך ניט, גנעדיקע טאַנטע גראַציאַ.

פעדרא (לויפט אַריין מיט פרייד): דער גרויסער האַר, דאָן מיקעז! טערקישע מיליטער באַגלייט אים! וואָס זאָל איך באַפעלן דער דינערשאַפט, גנעדיקע דאָנאַ?

(עס לויפט אַריין איזאַבעלאַ).

איזאַבעלאַ (זי קען ניט ריידן פאַר איבערראַשונג): גנעדיקע דאָנאַ!... גנעדיקע דאָנאַ...

דאָנאַ גראַציאַ: די וואַך פירט אָפּ אין זאַל פאַר געסט, און זאָל יעדערער טאָן זיין אַרבעט. (פעדרא און איזאַבעלאַ גייען אַוועק. עס קומט אַריין דאָן מיקעז).

רעינאַ (גייט אים אַנטקעגן):... יוסף! (ער נעמט זי אַרום. שפּעטער באַגריסט ער זיך מיט דאָנאַ גראַציאַ און גרעטאַ).

גרעטאַ: איצט קענען מיר האָבן אַ פאַמיליען־באַראַטונג, טאַנטע גראַציאַ.

דאָן מיקעז: צוליב דעם בין איך געקומען. אין טערקיי האָבן זיך פאַר־שפרייט קלאַנגען, אַז עס זיינען דאָ קריגערייען אין דער משפחה נשיא. די קלאַנגען ווערן אונטערגעהאַלטן פון אַלע קאָנסולאַטן, וואָס קוקן אויס אויף אונזער אָפּשוואַכונג.

דאָנאַ גראַציאַ: וויאַזוי זיינען די קלאַנגען דערגאַנגען צו זיי? קיינער ווייס ניט וועגן דעם אויסער די מיטגלידער פון אונזער משפחה.

גרעטאַ: אַלע אין פעראַראַ ווייסן, אַז מיין מוטער ווערט פון אייך ניט אויפ־גענומען אין פּאַלאַץ. דאָס איז גענוג, אַז עס זאָלן פאַרשפרייט ווערן קלאַנגען.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : אַ מענטש קען געוועלטיקן איבער זיינע מעשים, אָבער ניט איבער זיין האַרץ.

ג ר ע ט אַ : דאָס האַרץ ברענגט צו מעשים, טאַנטע גראַציאַ.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : די באַראַטונג וועט זיין מאָרגן. גייט, קינדער.

(רעינאַ און גרעטאַ גייען אַוועק).

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (צו דאָן מיקעז): ווען עס זאָל זיך האַנדלען וועגן מיר — וואָלט איך זי מוחל געווען. איך וואָלט זיך איבערגעבעטן מיט בריאַנדאַ'ן, איך וואָלט איר מוחל געווען די יסורים, וואָס זי האָט מיר פאַרשאַפט. בריאַנדא האָט צעבראָכן מיין גאַנצקייט. זי האָט פאַרפינצטערט דעם ליכטיקן שם פון די בענוועניסטאָס. איך בין איר שוועסטער — איך פיל זיך מיטשולדיק אין איר מיאוס'ן טאַט, כאָטש אַליין בין איך געווען די געליטענע, צוליב גראָבער שנאה צו מיר האָט זי דאָס געטאָן. זי האָט אַליין געוואָלט פאַלן, כדי מיך מיטשלעפּן אין איר געפאַלנקייט. דאָס אַלץ וואָלט איך איר מוחל געווען, נאָר זי האָט אַריינגעטראָגן פאַרראַט אין דער משפחה נשיא — און דאָס טאָרן מיר ניט מוחל זיין.

ד אָ ן  מ י ק ע ז : מיר זיינען אַ שוואַך פאָלק, דאָנאַ גראַציאַ. אונזער ליבע און אונזער שנאה דאַרפן מיר אַמאָל מקריב זיין. שמואל און איך — מיר פילן אַז בריאַנדאַ'ן קען מען ניט מוחל זיין. איצט איז זי פרום. (לאַכט) אַז רשעים ווערן גוט — זיינען זיי מהלל די גוטסקייט. אָבער מיר האָבן אַן אַנדער חשבון, דאָנאַ גראַציאַ! און איר מוזט זיך איבערבעטן מיט בריאַנדאַ'ן, ווייל צעבראָכענע און אָפּגעזונדערטע זיינען מיר באַזיגטע. דער קאָנסול פון קאַרל דעם פינפטן קוקט אויס אויף דעם, פראַנקרייך און ווענעציע אויך.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : יוסף, אויב מיר וועלן איינמאָל מוחל זיין מסירה — זיינען מיר צעבראָכן פון אינעווייניק, דאָס איז אַ גרעסערער בראָך, ווי עס קענען אונז ברעכן אַלע קאָנסולאַטן צוזאַמען. ווען מיר זיינען גאַנץ מיט אונזער האַרץ — זיינען מיר שטאַרק. זאָל דאָס וויסן רעינאַ, און זאָל דאָס געדענקען גרעטאַ, און זייערע קינדער און קינדס קינדער און מען וועט דערציילן פון דור צו דור — אַז די נשיא'ס זיינען ניט מוחל קיין מסירה. דאָס וועט זיין אונזער צאַם, און דאָס וועט אונז באַשיצן.

ד אָ ן  מ י ק ע ז : דאָס איז גוט אויף אַריינשרייבן אין אַ מוסר ספר, דאָנאַ גראַציאַ. אין טערקיי דאַרפן מיר קומען אין פולער אחדות און שלום דאַרף זיין צווישן אונז.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ : ניטאָ פאַר מיר קיין מוסר אין אַ ספר און אַן אַנדער מוסר פאַר דער משפחה נשיא. איך וועל בריאַנדאַן ניט מוחל זיין.

ד אָ ן  מ י ק ע ז : דאָנאַ גראַציאַ! (ער נעמט זי פאַר אַ האַנט און ער קירעוועט

זיך מיט איר צו מזרח) לאָמיר זיך שטעלן מיטן פּנים צו מעריב וואו עס שטייט אונזער צעבראָכענע וואַנט! אַ מענטש ווערט קלוג, ווען ער קוקט אין יענער זייט. אונזערע מוסרים און אונזערע פאַררעטער זיינען אונזער צעבראָכנקייט. וואָס פאַר אַ באַדייט האָט די ריינקייט פון דער משפחה נשיא — אַנטקעגן דעם אומגליק פון אַ פאָלק? גרויסע האָפענונגען לייג איך אויף אונזער קומען קיין טערקיי. דורכן סולטאַן וועלן מיר קריגן אַ מקום מקלט פאַר אידן. (ער מאַכט פאַרויס עטלעכע טריט און שטעלט זיך אָפּ) אַ מקום מקלט פאַר אידן! (היבשע פּאוזע) זאָל היינט זיגן בריאַנדאָ׳ס פרומקייט, און אייער חכמה זאָל אייך ביישטיין צו טאָן דאָס, וואָס עס איז נויטיק צו טאָן היינט!

דאָנאַ גראַציאַ: איך פאַרלאָז זיך אויף גאָט, אַז ער וועט מיך ניט ברענגען קיין שטרויכלונג.

דאָן מיקעז: מיר האָבן נאָך וואו צו פרעגן, דאָנאַ גראַציאַ. מיר וועלן פרעגן, ווי איז דער דין מיט אַ בעל תשובה.

דאָנאַ גראַציאַ: מיר וועלן פרעגן דעם טייטש — ובערת את הרע מקרבך — און דו זאָלסט אויסברענען דאָס שלעכטס פון דיין מיט.

(זיי גייען אַוועק אין דער טיף, אַראָפּ פון דער טעראַסע. עס קומען אַרויס די דריי שליחים).

ערשטער איד: איך וואָלט נאָר געוואָלט אַ קוק טאָן אויף אים. מען זאָגט, ער איז אַ בעל יועץ ביים סולטאַן. אַלע מדינות שיקן זייערע שליחים צו אים. (פאַרחלומט) אפשר וועלן דורך אים אידן געהאָלפן ווערן.

צווייטער איד: און איך זאָג אייך, עס איז זיך ניטאָ מיט וואָס צו פרייען. די שונאי ישראל פאַרגינען ניט אַ אידן, אַז ער זאָל זיך פירן מיט מלוכות, און די קנאה קען חלילה ברענגען נייע גזרות אויף אונז.

ר׳ שלמה: אַז דער אויבערשטער דערהויבט אַ אידן איז עס שטענדיק לטובת ישראל. אַזוי איז געווען מיט יוסף הצדיק. גאָט האָט אים דערהויבן כדי מציל זיין יעקב׳ס קינדער פון הונגער.

צווייטער איד: און וויפיל אידן האָט מען שוין אויסגעשאָכטן פון דעמאָלט אָן? עס האָבן ניט געהאָלפן די אידישע נשיאים... און אַפילו דער רבונו של עולם אַליין...

ר׳ שלמה: שאַ! עוכר ישראל! צו שמד גייסטו (ר׳ שלמה גיט אים אַ שטויס, דער איד פאַלט צו צו אַ וואַנט און בלייבט שטיין לעבן איר צוגעטוליעט).

(עס קומט אַן דאָן מיקעז און דאָנאַ גראַציאַ).

**ד ן מ י ק ע ז:** שלום, אידן! (ער גיט זיי די האַנט).

**צ ו ו י י ט ע ר א י ד** (ניט רירנדיק זיך פון דער וואַנט): אַז איך האָב רחמנות אויף אידן, זאָגט ער — אַז איך גיי צו שמד.

**ד אָ ן מ י ק ע ז** (מונטערט אים): צו שמד גייט מען ניט, צו שמד פירט מען. גיט שלום. (גיט אים די האַנט).

**ר׳ ש ל מ ה:** חלילה! ער איז אַ איד, ווי אַלע אידן! נאָר ער צעקאָכט מיך מיט זיינע רייד.

**ע ר ש ט ע ר א י ד** (גייט צו פאַרטרוימט צו דאָן מיקעז): ר׳ יוסף נשיא, איר זיינט אַ גרויסער האַר און אַ באַשיצער פון אידן . . . מיר וועלן דערציילן אין די געטאָס, אַז מיר האָבן אייך געזען . . . מיר האָבן געזען אַ אידן, וואָס טראָגט ניט די אידן־מיץ . . . זיי וועלן זיך פרייען . . .

**ד אָ ן מ י ק ע ז** (מיט טרויער): אַז איר טראָגט די אידן־מיץ, טראָג איך זי אויך, כאָטש מיין הוט איז פון שוואַרצן זייד. (ער הויבט אָן ריידן צו זיך אינגאַנצן פאַר־געסנדיק וועגן די אידן) וואָס העכער עס איז מיין שטאַנד אין הויף פון סולטאַן, אַלץ טיפער זיינען די וואונדן, וואָס מען רייסט מיר איין יעדן טאָג. די שנאה האָט טויזנט חלפים, וואָס פאַרשניידט מיר יעדע פרייד! די קנאה ווי אַ שלאַנג וויקלט זיך אַרום מיינע פיס. די אידן־האָסער האַלטן שטענדיק די האַק פאַר מיין האַלז. ווי ווערים גראָבן זיי זיך אונטער מיינע טריט. זיי ווייסן ניט וועגן גאָט זייער באַשעפער! מיר טראָגן אַ גרויסע אמונה און יעדע גרויסקייט איז שווער. (דערמאָנט זיך וועגן די אידן) עס איז אייך שלעכט אין די געטאָס! פינצטער און שלעכט זיינען די פעלקער פון אייראָפּאַ! טרייסט זיי, די אידן פון אייערע קהילות! גאָט וועט געפינען די רוט וואָס וועט שלאָגן די שלעכטע! די בלינדע אין זייער רשעות וועט גאָט אָננעמען מיט זיין גרויזאַמער האַנט . . . און מיר זאָלן זען, וואוהין צו גיין . . .

(עס קומט אַריין ר׳ אברהם אושקי. ער איז מלא שמחה, גייט כמעט טאַנצנדיק).

**ר׳ א ב ר ה ם א ו ש ק י:** חזק ונתחזק! אַלע מיינע גלידער זיינען פול מיט תפילה און מיט שמחה! בעזרת ד׳ פאַרענדיקט די חמישה חומשי תורה! מלאכים האָבן מיר געהאָלפן. זיי האָבן אַוועקגענומען דעם שלאָף פון מיינע אויגן און פאַרטריבן די מידקייט פון מיין גוף!

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ:** גאָט זאָל אייך דערפרייען פאַר אייער בשורה, ר׳ אברהם אושקי!

**ר׳ ש ל מ ה:** געלויבט איז גאָט, וואָס מיר זיינען אנגעקומען אַהער אין דעם גליקלעכן טאָג! עס איז אַ רמז מן השמים, אַז גאָט פאַרגעסט אונז ניט!

(עס קומען אַריין רעינאַ און גרעטאַ.)

**דאָנאַ גראַציאַ: עס איז אויפגעלויכטן אַ ליכט אין פעראַראַ! און וועט מונטערן די שוואַכע, און וועט ווייזן דעם וועג צו די, וואָס האָבן חלילה דעם וועג פאַרלאָרן!**

**ר׳ אברהם אושקי: און אַן אָנזאָג איז דאָס, מיר זאָלן ביי זיך ניט פאַלן אין יאָרן פון שווערן נסיון.**

(דינער ברענגען אַריין ווין אויף טאַצן).

**דאָנאַ גראַציאַ** (ווייזט אַלעמען מען זאָל נעמען די גלעזלאַך): **עס איז היינט ביי אונז אַ טאָג פון שמחה!** (זי דערלאַנגט אַ גלעזל ווין ר׳ אברהם אושקי) **און איך וועל פאַרדינען די מצווה פון באַדינען אַ תלמיד חכם.**

רעינאַ (דערלאַנגט אַ גלעזל דאָנאַ גראַציאַ׳ן): **און איך וועל אָפּגעבן כבוד דער מאַמאַ!**

דאָן מיקעז: **און איך וועל באַדינען כלל ישראל!** (ער דערלאַנגט ווין די אידן).

(ווען אַלע שטייען מיט די גלעזלאַך אין די הענט קומט אַריין בריאַנדאַ).

רעינאַ: **טאַנטע בריאַנדאַ...**

(עס פאַלט אַ שטילקייט. אַלע שטעלן אַוועק די גלעזלעך).

בריאַנדאַ (זי איז אָנגעטאָן אין שוואַרצע קליידער פון אבלות. זי איז באָרוועס, אָן שיך, ווי אַ זינדיקע): **עס זיינען מקוים געוואָרן דיינע רייד, גראַציאַ. גאָט האָט זיך צוגעהערט צו דיר. איך וואַלגער זיך אין שטויב דערפאַר, וואָס איך האָב געלעסטערט זיין נאָמען.**

(עס קומט אַריין דאָן מאַרקאָ. ער רעדט עפּעס שטילערהייט צו ר׳ שלמה און ער גייט אַוועק מיט די שליחים).

**דאָנאַ גראַציאַ: זי קומט שטענדיק צעשטערן מיין רו, און פאַרשטערן מיין שמחה. ווער האָט זי גערופן אַהער? איבער מיין שוועל? וואו זי האָט איינמאָל געבראַכט מיינע טויט שונאים...** (קוקט אויף שמואל׳ן מיט פאַרוואורף).

(אַלע שווייגן).

**בריאַנדאַ: איך בעט ביי דיר מחילה, גראַציאַ.**

דאָנאַ גראַציאַ (קערט אָפּ דעם קאָפּ פון איר): **איך האָב דיר אומגעקערט**

דיינע פאַרמעגנס, איך האָב ניט קיין השגחה איבער זיי מער, מיט די הענט פון אונזערע שונאים האָסטו פאַרברענט דיעגא׳ס צוואה. וואָס ווילסטו נאָך פון מיר, בריאַנדאַ?

ב ר י אַ נ ד אַ: דו ביסט זוכה געווען צו דער גדולה פון מעשים טובים, דו ביסט געשווינט און געלויבט און דערהויבן. אַלע קרוינען האָט דיר גאָט געשענקט, און דו ביסט קאַרג אויף מוחל זיין מיר מיין געפאַלנקייט.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: דיין עובדה איז שטענדיק צו ברענגען מיר ווייטיק און פאַרדראָס . . . איך בין מיד פון דיינע טענות, דאָס גאַנצע לעבן. לאָז מיך צו רו, בריאנדא.

ב ר י א נ ד א: אַ קליין שוואַך האַרץ האָט מיר גאָט געגעבן, און איך האָב ניט געקענט בייקומען מיינע תאוות. איך בין שטענדיק געווען קליין און נישטיק און ני־דעריק קעגן דיר. פאַרוואָס בעטן ניט די שטאַרקע מחילה ביי די פאַרטיילטע? פאַר־וואָס בעטן ניט די שטאָלצע מחילה ביי די, וואָס האָבן דעם אַרומגעשניטענעם חלק אויף דער וועלט? איך פאַרשטיי ניט גאָט׳ס ווילן, נאָר מסתם איז ער גערעכט. איך האָב געבענטשט זיין נאָמען און עס קומט מיר מחילה, גראַציאַ. צדקות און רשעות זיינען אַזוי נאָענט איינע צו די אַנדערע, אַז עס איז גרינג געשטרויכלט צו ווערן. עס קומט מיר מחילה, גראַציאַ.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: און מיר קומט רו. (זי הויבט אָן אַוועקגיין).

ד אָ ן  מ י ק ע ז: דאָנאַ גראַציאַ, עס מוז זיין שלום אין דער משפחה נשיא.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: אויב עס איז ניטאָ קיין שלום אין האַרצן, קען מען עס ניט באַשאַפן. איך האָב קיינמאָל ניט פאַרלאַנגט קיין צביעות פון אַנדערע און קיינער קען עס פון מיר ניט פאַרלאַנגען.

ר׳ א ב ר ה ם  א ו ש ק י: גנעדיקע דאָנאַ גראַציאַ, אייער שוועסטער האָט געטאָן תשובה און עס קומט איר מחילה, ווייל עס שטייט בפירוש אָנגעזאָגט: דאָרט וואו אַ בעל תשובה קען שטיין, קען אַ צדיק גמור זיין אָרט ניט פאַרנעמען.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ (איבערראַשט פון זיין אַריינמישן זיך): ווי איז מעגלעך, אַז דער דין זאָל . . . פאָדערן פון מיר . . . געבן מיין האַרץ . . .

ר׳ א ב ר ה ם  א ו ש ק י: דאָס מענטשלעכע האַרץ קען פאַרבלענדעט זיין, און דאָס וואָס עס האָבן געזאָגט אונזערע חכמים איז קלאָר, ווי דער לויטערער קוואַל.

ד אָ נ אַ  ג ר אַ צ י אַ: איך בין זי מוחל, אויב עס קומט איר מחילה.

ד אָ נ אַ  ב ר י אַ נ ד אַ: דער עלנטער בלייבט עלנט . . .

ר׳ אברהם אושקי: און עס קומט אייער שוועסטער כבוד און דערהויבונג, ווייל זי האָט דערהויבן גאָט׳ס נאָמען. זי שטייט אַ בארוועסע און אין שפלות קעגן אייך.

גראַציאַ: איך וועל איר אָפּגעבן כבוד און דערהויבן, אויב אַזוי איז אייער פּסק, ר׳ אברהם אושקי. איך וועל איר ברענגען די שיך און וועל זיי איר אָנטאָן, אויב אַזוי בין איך מחויב צו טאָן. (זי לאָזט זיך גיין).

רעינאַ: מאַמאַ, איך וועל עס טאָן, ניט דו.

דאָנאַ גראַציאַ: ווער עס איז מחויב, יענער דאַרף טאָן, רעינאַ.

דאָנאַ בריאַנדאַ (שרייט אויס היסטעריש): ווי איז דעם וואָס איז געבראָכן פון יסורים און דערהויבן פון געפּאַלנקייט! (זי הויבט זיך אָן וואַקלען, גרעטאַ און רעינאַ פירן זי אַרויס, אַלע גייען נאָך זיי).

(עס קומען אַרויס די דריי שליחים מיט דאָן מאַרקאָ).

דאָן מאַרקאָ: די גוטע בעלי מלאכות זאָלט איר אויסקלייבן — אַזוי איז דער פאַרלאַנג פון דאָנאַ גראַציאַ, אַזוי האָט זי צוגעזאָגט דעם סולטאַן. די שמידן, די וועב מייסטער און די אייזן־שמעלצער.

ר׳ שלמה: אין אַ גליקלעכן טאָג זיינען מיר געקומען, געלויבט איז גאָט.

דאָן מאַרקאָ: און די וואָס קענען נאָך ניט גוט די מלאכות, זאָלן זיך לערנען, זיי זאָלן ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן אויפן שליח. איך שיק אַרויס מענטשן, וואָס וועלן זיי לערנען.

ר׳ שלמה: איר זאָלט אַלע געבענטשט זיין אין דעם הויז.

ערשטער איד: איך וויל נעמען אַ ברכה פון דער ליכטיקער באַשיצערין... אוי, און ווען וועט זיך שוין ענדיקן דער גלות...

דאָן מאַרקאָ: קומט, איך וועל אייך אַריינפירן צו איר. (זיי גייען אַלע אַריין אין פּאַלאַץ).

(אויף דער טעראַסע ווערט שטיל. אין פּאַלאַץ צינדן זיך אָן די שויבן. מען הערט פון דאָרט אַ געזאַנג).

פרייט זיך מיט דער פרייד פון דער תורה,

חזק ונתחזק.

עס וועט אונז לויכטן דאָס ליכט פון דער תורה,

חזק ונתחזק.

**עס וועט אונז זאַמלען דער מלך המשיח,**

**חזק ונתחזק.**

**אין אונזער לאַנד במהרה בימינו,**

**חזק ונתחזק.**

(אויפן הויף קומט אַרויף באַראָן דע רען. ער׳ שטייט אַ ווײַלע, באַטראַכט די ליכטיקע שויבן. עס קומט אָן פעדרא, דערזעט אים און לויפט אים אַנטקעגן).

**פ ע ד ר אָ : הויכגעבאָרענער באַראָן דע רען! איך לויף שוין מעלדן דער גנע־דיקער דאָנאַ! עס איז אַ שמחה אין פּאַלאַץ! דער הערצאָג דאַרף היינט קומען.** (ווייזט אויף דער פאָן פון פעראַראַ. ער נעמט אָן אַ פולע ברוסט מיט לופט אויף אויסרופן דעם באַראָנס נאָמען. דער באַראָן האַלט אים אָפּ).

**ב אַ ר אָ ן ד ע ר ע ן :** ניט נויטיק, פעדרא. איך בין ניט געגרייט זיין היינט אויף אַ באַל. דערלאַנג וויין און מיר וועלן ביידע טרינקען.

**פ ע ד ר א : איר שפּאַסט, הויכגעבאָרענער באַראָן! ווי וואַג איך צו טרינקען מיט אייך!** (ער דערלאנגט דעם באַראָן אויף אַ טעצל איין גלעזל).

**ב אַ ר אָ ן :** טרינק, פעדרא, דאָ איז דער הויף פון פרידן, אַ לייב און אַ שעפּס וואוינען צוזאַמען און זיינען איינע די אַנדערע ניט מטריח. (ער טרינקט אויס זיין וויין) גוטער וויין. איך עצה דיך, פעדרא, דו זאָלסט אים פאַרזוכן.

**פ ע ד ר א :** הויכגעבוירענער באַראָן, אויב איר מיינט עס מיט אַן אמת, אַז איר ווילט מיט מיר אויסטרינקען אַ גלעזל וויין, וועל איך האָבן דאָס גאַנצע לעבן צו געדענקען, אַז איך האָב געטרונקען וויין מיט באַראָן דע רען.

**ב אַ ר אָ ן :** געוויס, פעדרא, געוויס. (פעדרא טרינקט אויס אַ גלעזל וויין).

(אין טיר באַווייזט זיך דאָנאַ גראַציאַ מיט אַ בריוו אין האַנט).

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : פעדרא! שיק אָפּ אַ רייטער מיט דעם בריוו . . .** (זי דערזעט דעם באַראָן). **באַראָן!** . . . (באַהערשט זיך) איר האָט מיר פאַרשפּאַרט אַ שטאַ־פּעט, **באַראָן, דער בריוו איז צו אייך.**

**ב אַ ר אָ ן : איך וואָלט אַזוי גליקלעך געווען, ווען איך וואָלט געקראָגן דעם בריוו... איך האָב אַזוי לאַנג געוואַרט אויף אים . . . איר זיינט אַזוי בלייך, מאַדאַם. איז דער בריוו אַזוי טרויעריק?**

**ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : איר וועט אים לייענען, באַראָן.** (ער נעמט ביי איר דעם בריוו).

ב אַ ר אָ ן: איך וועל אים האַלטן, איך וועל אים ניט לייענען איצט. עס וואָלט געווען צופיל גליק אייך זען און באַקומען אַ בריוו פון אייך. מען דאַרף זיין שפּאָרזאַם מיט גליק, עס איז דאָ אַזוי ווייניק, און אַזוי זעלטן.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ: און איר זיינט גאָרניט נייגעריק צו זען, וואָס איך האָב געשריבן, באַראָן?

ב אַ ר אָ ן: אַמאָל, ווען איך וועל זיין אָן האָפענונג, וועל איך עפענען אייער בריוו, און הערן אייער שטים און אייך פרעגן: וואו זיינט איר? אפילו ווען איך זע אייך, ווייס איך קיינמאָל ניט, וואו איר זיינט.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ: מיר פאַרלאָזן אייראָפּא, באַראָן. מען האָט אונז דאָ באַ־רויבט, און געשטראָפט אָן זינד, איך פאַרלאָז דאָ אַלץ מיט פאַריבל . . . אויסער אייער פריינטשאַפט, באַראָן.

ב אַ ר אָ ן: מאַדאַם מענדעס . . .

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ (רייסט אים איבער): נשיא איז איצט מיין נאָמען. מיר זיינען אַריבער צום אידישן גלויבן, באַראָן.

ב אַ ר ד ן: מאַדאַם נשיא, גלויבט מיר, עס איז ניט כדאי אַנלייגן וועג אויף גיין פון איין גאָט צו דעם אַנדערן, עס האָט קיין איינציקער פון זיי ניט באַשאַפן קיין גליק פאַרן מענטשן. ניט מיין גאָט פאַר מיר, און ניט אייערער פאַר אייך, מאַדאַם נשיא.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ: איך בין היינט גליקלעך. מיר האָבן פאַרענדיקט דעם חומש פּעראַראַ.

ב אַ ר אָ ן: וואָס? איך פאַרשטיי ניט . . . וואָס פאַר אַ גליק איז דאָס?

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ: כדי דאָס צו פאַרשטיין, דאַרף מען זיין אַ איד, באַראָן.

ב אַ ר אָ ן: אָ, יע . . . יע . . . דאָס איז אויפגעגעסן ווערן פון אמונה און זיין גליקלעך דערפון. דאָס הייסט, אַזוי שטאַרק באַוואונדערן דעם ים, אַז מען זאָל וועלן דערטרונקען ווערן אין אים, דאָס איז . . .

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ: זוכט ניט קיין דערקלערונגען, באַראָן, דאָס איז אמונה.

ב אַ ר אָ ן: איך האָב שטענדיק באַוואונדערט אייער איבערגעבנקייט צו עפּעס, וואָס איך פאַרשטיי ניט — און עס האָט מיר פאַרשאַפט צער און צעשיידונג, און איך האָב עס ליב אין אייך, מאַדאַם נשיא. איך בין אַזוי אומגליקלעך געווען צוליב אייער אמונה, אַז איך האָב זי כמעט ליב געקראָגן . . . (לאַכט) דאָס איז דאכט זיך זייער אידישלעך,

מאַדאַם נשיא, ליב האָבן דאָס העכסטע ווען, וואָס מאַכט אַמהעכסטן אומגליקלעך . . . איך בין כמעט אַ איד.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : איר האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז איר שטאַמט פון צען דורות באַראָנען.

ב אַ ר אָ ן : יע, פון וועלכע איינער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוליב אומ־גליקלעכער ליבע, און דער צווייטער — צוליב אַנטוישונג אין אַ גליקלעכער. נישט קיין צו הויכער אָפּשטאַם, מאַדאַם. און איר שטאַמט פון אַ משפחה, האָט איר מיר געזאָגט . . .

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : פון וועלכער צוויי זיינען געגאַנגען אויף קידוש השם.

ב אַ ר אָ ן : נישט קיין העכערער אָפּשטאַם, מאַדאַם! איינער שטאַרבט צוליבן עפּל, און איינער צוליבן בוים וואָס באַשאַפט אים. און איר פאָרט אַוועק פון איראָפּע. איר ציט זיך אַוועק נאָך אייער גאָט אין דער מדבר . . . איר וועט דאָך נאָך מיר בענקען, מאַדאַם? אַ סימן איז אייער בריוו.

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : צו וואָס זאָל איך לייקענען? געוויס באַראָן. איך בין צוגעוואוינט צו דעם געפיל.

ב אַ ר אָ ן : און איר וועט זיין אומגליקלעך, ווי איך . . . נאָר איר וועט עס אָנרופן מיטן אידישן נאָמען — ביישטיין דעם נסיון — און . . .

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ : און דאָס איז אַ גרויסער גליק, באַראָן. איר וועט עס ניט באַגרייפן, דאָס איז זיין באַהאַפטן מיט דער אייביקייט פון גאָט.

(פון פּאַלאַץ דערהערט מען אַ געזאַנג).

פרייט זיך מיט דער פרייד פון דער תורה,
חזק ונתחזק;
עס וועט אונז לויכטן דאָס ליכט פון דער תורה,
חזק ונתחזק.

ב אַ ר אָ ן : וואָס פאַר אַ גליקלעך געזאַנג . . . פון גע׳רודפ׳טע מענטשן, וואָס אַנטלויפן פון אַ בייזער ערד. איך באַגרייף דאָס ניט. איך בין דאָ אַ זייטיקער, מאַדאַם נשיא. באַרירט מיך מיט אייערע ליפּן, אפשר וועט עס מיך אָנשטעקן מיט אייער גלויבן. אפשר וועל איך פול ווערן מיט גליק ווי זיי און גיין אַ פריידיקער אין דער מדבר. (ער מאַכט אַ באַוועגונג צו איר).

ד אָ נ אַ ג ר אַ צ י אַ (מאַכט אַ טריט אויף צוריק) : לאָזט איבער פאַר מיר, באַראָן, דעם קליינעם נצחון. עס וועט זיין גרינגער פאַר מיר. איך בין אַזוי באַלאָדן

**אַז עס איז מיר אַמאָל שווער צו שטיין.** (קליינע פּאוזע). **קומט, באַראָן, מיין משפּחה וועט זיין צופרידן אייך צו זען.**

**באַראָן: איך בין דאָ אַ זייטיקער, מאַדאַם נשיא, אַ זייטיקער.** (ער גיט זי אַ קוש אין האַנט. שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע) **עס איז כּדאַי געווען נאָכפאָרן אייך דאָס גאַנצע לעבן, מאַדאַם נשיא, עס איז כּדאַי געווען.**

דאָנאַ גראַציאַ: פאַרוואָס, באַראָן?

**באַראָן: איך האָב געזען, ווי מענטשן מאַכן גרויס אַ גאָט.** (ער גייט אַוועק).

**דאָנאַ גראַציאַ** (בלייבט שטיין ווי פאַר׳חלומ׳ט און רעדט צו זיך באַוועגנדיק זיך לאַנגזאַם אין דער ריכטונג, וואוהין דער באַראָן איז אַוועק): **שווער זיינען דיינע וועגן, גאָט... און אומפאַרשטענדלעך... מען דאַרף גיין אין דער מדבר פערציק יאָר... און מען שטאַרבט אין ד׳ער מדבר. באַראָן... ווי אָרעם איך בין, אַז איר זיינט אַוועק, באַראָן...**

**רעינאַ** (קומט איר אַן אַנטקעגן): **מאַמאַ... ביסט טרויעריק.**

**דאָנאַ גראַציאַ** (שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ).

**רעינאַ: מאַמאַ, גרעטאַ האָט מיר צוריקגעגעבן די קמיע. טו עס מיר אָן אויפן האַלז. איך האָב זי ליב.**

**דאָנאַ גראַציאַ** (קומט צו זיך): **אַ קמיע?**

**רעינאַ: יע, דו האָסט עס מיר אַמאָל געגעבן, געדענקסט? אברהם פירט יצחק׳ן צו דער עקדה.**

**דאָנאַ גראַציאַ: יע, איך געדענק. איך וועל זי היינט טראָגן, רעינאַ. טו זי מיר אָן אויפן האַלז** (רעינאַ טוט איר אָן די קמיע).

(מען דערהערט דעם הערצאָגלעכן הימן. פון די טירן פון פּאַלאַץ קומען ארויס באַדינער מיט ברענענדיקע שטורקאַצן אויף באַגעגענען דעם הערצאָג. עס קומען אַרויס די מיטגלידער פון דער משפּחה נשיא. בריאַנדאַ נעמט גראַציאַ׳ן ביי דער האַנט).

**בריאַנדאַ: איצט גייען מיר צוזאַמען, גראַציאַ.** (אַלע גייען באַגעגענען דעם הערצאָג. אויפן הויף קומען אַרויף די ערשטע פאַנענטרעגער פון דעם הערצאָג׳ס סוויטע).

/ פאָרהאַנג /